אַבֿרהם סוצקעווער / צײַטיקע פּנימער

מיט ליבשאַפֿט און ברכות

פֿאַר ניסן גרוסיקאָוו –

סוצקעווער

1971

אַבֿרהם סוצקעווער • צײַטיקע פּנימער
פּאָעמעס און לידער 1968־1970
פּאָרטרעט פֿון דיכטער — ראובֿן
פֿאַרלאַג י. ל. פּרץ • תּל־אָבֿיב • ישׂראל

ABRAHAM SUTZKEVER
TSAYTIKE PENEMER
POEMS 1968-1970
Portrait of the Poet — Reuven

I. L. PERETZ PUBLISHING HOUSE,
TEL-AVIV, 31 ALLENBY ST.
Printed in Israel 1970 נדפס בישׂראל

דפוס אַחדות • תּל־אביב

פּאָעמעס:

מײַן זיידנס פּעדער

מײַן טאַטנס פֿידל

די ציגעלניע

משה באַסין

## א. דער מלאך

מייַן זיידנס פֿעדער נאָך זייַן טויט
געלעגן איז אין אַ שקאַטולקע
פֿון פּימסנהאָלץ: אַזאַ מין רויט
ווי שקיעה־טונקל פֿון אַ ליולקע.

און ווען מייַן מאַמע מיט איר גנאָד
האָט נאָכצוגעבן איר מיזיניק
אַנטפּלעקט פֿון קעסטעלע דעם סוד,
ווי אַלטן אוצר בייַ אַ קיניג —

האָט ווילגערוך פֿון אַ מאַראַנץ
אַ שניט געטאָן אויף צוויי דאָס צימער:
אַ ווייַסע פֿעדער פֿון אַ גאַנדז
און בעבעכעס אין שוואַרצן שימער.

ס'האָט אויסגעזען ווי טאָג מיט נאַכט
געראַנגלט וואָלטן זיך, אַז יעדער
זאָל זען צום ערשטן ווי ס'דערוואַכט
אין קעסטעלע מייַן זיידנס פֿעדער.

די פֿעדער האָט בייַם סאַמע שפּיץ
געהאַט אַ פֿלעק די גרייס אַ קימל,
ווי ס'וואָלט אַ מלאך לויטער בליץ
געשפּאַנט אויף דר'ערד מיט קאָפּ אין הימל.

איך האָב דערהערט זייַן ווייַטן שפּאַן
און הייַנט געפֿעדערט זיך אין פֿריידן:
— ווו ביסטו?
— בין פֿאַראַן, פֿאַראַן.

איך זוך די פֿעדער פֿון מייַן זיידן.

## ב. צוויי פֿייערן

צוויי פֿײַערן בײַ נאַכט און ערשט געבוירן זענען ביידע:
אין באַקאויוון און מיזרח־אויוון. צווישן זיי דער זיידע.
נשמות פֿירן אויף דער שויב, אַ שעפּטשענדיקע עדה.

אַז קעגן שויב דער הדרת־פּנים קנייטשט אַרויס אַ רעיון,
פֿאַרלויפֿט אים גלײַך די ווײַסע פֿעדער ווי אַ שטרענגער דיין.
געבענטשט זאָל זײַן דער טראָפּן טינט מיט זײַנע פֿינקלערײַען.

און צווישן ביידע פֿײַערן איז בלויז די שויב. אַ דריטל
שוין דורכזיכטיק: אַ שפּאָגל נײַע וועלט ווי נײַער קיטל.
כּדי צו זען דורך גאַנצער שויב די וועלט, איז דאָ אַ מיטל:

דעם זיידנס פֿעדער זאָל זיך אויכעט מער און מער צעצינדן
צעווישן ביידע פֿײַערן און זייערע געזינדן.
און שרײַבן, אַז אין טינטער זאָל די חומר־וועלט פֿאַרשווינדן.

דעם זיידנס פֿעדער צילעט שוואַרצע פּערל. און דאָס לילע
פּאַפּיר ווערט אָנגעטאָן אין צירונג, און סע שאָרכט אַ תּפֿילה:
— אָ, ווײַסער נס, דערבאַרעם זיך און צילע, צילע, צילע.

נאָר פּלוצעם, ווען דער פֿעדערשפּיץ געבוירט אַ נײַעם פּערל,
אַ זעץ טוט ווער אין שויב: עס פֿאַלט אויף דעם געזימס אַ שפּערל.
אומזיסט געזוכט אַ זערנעלע, ניטאָ אין שויב קיין קערל.

דער זיידע קייטלט אָפּ די פֿאָרטקע, נעמט אַרײַן דעם גוסס,
דערוויַל צעפֿליט זיך דאָס פּאַפּיר, אין דרויסן פֿליט אַרויס עס
און ווערט אַליין אַ פֿויגל: אַ צעזונגענקייט פֿון אותיות.

צעזונגענקייט פֿון אותיות איבער שליטנס, איבער פּלוינען,
צעזונגענקייט פֿון אותיות איבער יאָדלעדיקע קרוינען,
און איבער כאַטעס ווו די קליינע גרויסע ייִדן וווינען.

## ג. וואָלקנס און מזלות

מיט גרויען זילבער מיניעט קעגן פֿענצטער אַ טאָפּאָליע.
און צווישן אירע צווייַגן קאַנדעלאַברישע, פּאַוואָליע,
עס קומען זיך פֿאַרקוקן אויפֿן זיידן
יונגשעמעוודיקע פּרויען, ווייַבלעך אָקערשט נאָך דער חתונה
און אַנדערע מיט בייַכער האַלב־לבֿנהדיקע. ס׳קומען
אויך טראָגעדיקע פּויערטעס פֿון מיאַדל און וואָרניאַן,
פֿון רייַסן און פֿון ליטע, זיך פֿאַרקוקן אויפֿן זיידן.

עס קומען זיך פֿאַרקוקן קליינע וואָלקנס,
צו קאָנען לויכטן מיט זייַן הדרת־פּנים.

עס קומען זיך פֿאַרקוקן רעגנס — וואָגלענדיקע קלעזמער,
און ציִען ווייַטער מיט אַ פֿלייט פֿון גאָלד: אַ רעגן־בויגן.

אַ לאָנקע מיט אַ מאָנבלום אין די האָר.
אַ ווייַטע כאַטע.
אַ ברונעם אָן אַ שמייכל אין זייַן פֿראָסטיק־שוואַרצן וואַסער.
אַ חלום אָן אַ חלומער.
אַ שטיין וואָס ריכט אָפּ גלות —
אויך זיי, די שטומע, קומען זיך פֿאַרקוקן דאָ אַ ווייַלע
אויף דעם וואָס פֿלאַטערט מיט זייַן ווייַסער פֿעדער יום־ולילה.

און ס׳קומען זיך פֿאַרקוקן אויפֿן זיידן די מזלות.

## ד. אַ פּיק אין שטערן

יענעם חיבור,
אַרויסגעפֿלויגן פֿון דער פֿאַרטקע איבער
פלוינען,
קרוינען,
יענע אותיות, העגנענדיקע פֿונקען פֿון של־ראָשן,
וואָס האָבן זיך עקשנותדיק אַ ווינטער ניט געלאָשן,
האָט ווײַטער שוין דעם זיידנס פֿעדער
אין זעלבן נוסח קיין מאָל ניט געשריבן. ס'האָט אַ גדר
געשטעלט זיך צווישן זײַנע אויגן און דער ווײַסער פֿעדער.
פֿאַרשעמט האָט זיך דער זיידע
פֿאַר די פֿײַערן די ביידע
וואָס יעדער
האָט אַ חלק
און איז הייליק,
מסתּמא איז דער חיבור ניט צופֿרידן מיט זײַן לשון.

די פֿעדער איז ניט שולדיק. ס'וואָלט דער עוף
נקמה נעמען און וואָלט זײַן גערעכט. אַזאַ אַבידע.
אַוועק דו חלום, ביסט אַ טרייפֿע שפּײַז אין מויל פֿון שלאָף,
און ביסט ירידה.
איז דאַרף מען טאָפּל וואַך זײַן, ווי אַ שטייגער
דערנעבן אויף דער וואַנט פֿון ליים דער זייגער
מיט רעדעלעך, מיט שרײַפֿעלעך, מיט שטאָל, מיט בלײַ, מיט ניקל.
מע דאַרף זיך לערנען גיין צו זיך אַליין פֿון פּאַמפּעדיקל.

אַזוי פֿאַרגייט אַ צענדלינג יאָר. פֿון אַלטן ווערט אַ נײַער
כּתבֿ־יד. אַ פּערל פּערלט צו אַ פּערל.
ניטאָ שוין מער די באָבע און אין באַקאויוון דאָס פֿײַער.
(אין מיזרח־אויוון איז דאָס פֿײַער דאָ). און בלויז דער שפּערל
דערלאַנגט אַ פּיק דערמאָנונגען אין שטערן.
און העלער ווערט זײַן באָרד פֿון לויטער קלערן,

זי כאַפּט אַלץ מער דעם אָנבליק פֿון דער פֿעדער.
די זון פֿאַרזוכט די זויערקייט פֿון עפּעלעך אין סעדער.
אַ זײַדעדיקער ווינטער טוט דעם זײַדן אַ פֿאַרוויקל.

מע דאַרף זיך לערנען גיין צו זיך אַליין פֿון פּאָמפּעדיקל.

ה. דער גראַף

און ווערסנע קומט, און סקאָצל קומט: אַ גראַף —
עס אָטעמען מיט פֿונקען סײַ די פֿערד און סײַ די שמידן:
אַ גראַף איז אויך אַ מענטש, נאָר פֿון באַזונדערן באַשאַף,
און יאָגט ניט ווי אַ פּריץ אין אַ בריטשקע אויף יאַרידן.

אין ווערמענס קרעטשמע איז דעם ווילגעבוירענעם באַשערט
זיך אָפּצושטעלן? קיינער ווייס ניט. עולם איז מקנא.
געבראַכט האָט אים אַנטאָן דער פּאָטשטאַליאָן אין אַ קאָנווערט
צום זיידן, אַזש פֿון יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ.

געצויגן האָט זײַן ייִחוס־קייט אַנטאָן דער פּאָטשטאַליאָן
פֿון כּוזרים־לאַנד בײַוואָלגישן: פֿון יענעם ווײַטן קייסער.
ער האָט ניט קיינעם, אויף אַ בוידעם היניעט מיט אַ האָן
און רעדט מיט אים אויף האָנענשפּראַך בסתר.

אַנטאָן דער פּאָטשטאַליאָן איז פֿונעם שבֿט למד־וואָוו,
ער טראָגט אַ גראָבע שטריק אַרום דער לײַוונטענער בלוזע.
און עמעץ האָט אַליין געזען, ווי בײַ דער שוועל פֿון רבֿ
דערלאַנגט אַנטאָן אַ קוש די פֿינגער, זיסע פֿון מזוזה.

און אַז אַנטאָן מיט האַרץ פֿון ייִד און פּנים פֿון אַ גוי
האָט אָנגעצונדן, ווי אַ קנויט פֿאַרזונקען אין זײַן רו־אייל,
די אַלקער־שטילקייט, האָט זיך אויסגעהילט בײַם טיש טאָלסטאָי
אַזוי ווי אין עין־דור דער גײַסט פֿון שמואל.

נאָר גראַף טאָלסטאָי האָט ניט געגרימט מיט אונטערגאַנג. אָ, ניין,
באַשערט איז אים געווען צו שפּילן גאָר אַן אַנדער ראָלע:
ער האָט געבעטן ס׳זאָל דער רבֿ אים געבן צו פֿאַרשטיין
דעם ענין יש־מאין אין קבלה.

דער לעצטער שניי האָט זיך געשפּילט אין שויב מיט זיך אַליין.
אַ טויער האָט זיך אויפֿגעפּראַלט פֿון גאָלד־געליישטן לעדער.
און ס'האָט דעם גראַף אַ גאַנצע נאַכט געגעבן צו פֿאַרשטיין
דעם זיידנס מלאך, צימצומדיק פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿעדער.

און ווידער האָט אַנטאָן דער פּאָטשטאַליאָן אַ ווײַל צעשטערט
די אַלקער־שטילקייט מיט אַ בריוו — אַ זיגל אויף אַ זיגל.
און ווידער האָט דער זיידע אין אַ בלאָלעכן קאָנווערט
געשיקט אַ בלעטל קלאָרקייט מיט זײַן פֿעדערס ווײַסן פֿליגל.

נאָר דעמאָלט ווען אַ טויבנפֿאַנגער האָט דעם פּאָטשטאַליאָן
געפֿונען אויפֿן בוידעם קאַלט און שטײַף בײַ אַ גמרא
און קדיש אים צוקאָפּנס האָט געקרייט זײַן רויטער האָן —
פֿאַרשוווּנדן איז פֿון שטעטעלע דער שׂררה.

אין זײַדפּאַפּיר געטוליעט און אין אַהבֿה
האָט אויפֿגעהיט בײַ זיך די מומע סלאַווע
אַ לעבן־לאַנג, ביז לעצטן שטויס,
אַ פּעקעלע געדיכטע בריוו טאָלסטאָיס.

*

צו ערשט האָט זיך דערהערט אין אַלקער־שטילעניש אַן אוי,
ווי ס'וואָלט אַ ניט־געבוירן קינד אין מאַמעבויך צעוויינט זיך;
דערנאָך, ווי ס'וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן דער צעפּאָכונג
בײַם דיריגענט זײַן שטעקעלע, זײַן צויבער — האָט פּלוצטהאַלבן
זיך אָפּגעשטעלט דער פּאָמפּעדיקל פֿונעם אַלטן זייגער.
און זײַנע פּיס די מעשענע,
אַ קורצער און אַ לאַנגער,
וואָס תּמיד האָבן זיי געקנאָטן אויסטערלישן ליים
און אויסגעקנאָטן וואָכנטעג,
שבתים
און יום־טובֿים —
געבליבן זענען הענגען אומבאַוועגלעד אויף דער תּליה.
נאָר ביידע אויסגעגלײַכטע שוין:
דער קורצער און דער לאַנגער.

פֿון פּחד האָט איין ווײַזער זיך באַהאַלטן אונטער צווייטן.
די ציפֿערן,
אַ שנירל קוילן גליִענדיקע, האָבן
געגומען טונקלען. אונטער זיי איז אָנגעוואַקסן אײַז.
און קײַלעכדיקע קלאַנגען זענען זשוואַווע זיך צעלאָפֿן
מיט אייגעלעך פֿון קוועקזילבער אין אויפֿגערירטן אַלקער.

דער זיידע האָט עס אָנגענומען פֿאַר אַ שלעכטן סימן.
דער אָפּגעשטעלטער זייגער האָט אים אויפֿגעוועקט פֿון דרעמל.
צי שטעקט דאָ ניט אַ האַנט פֿון אים אַליין, דעם סמך־ממל?
אַז דווקא איצטער, ווען ער האַלט בײַם סיום פֿונעם חיבור!

די פֿעדער האָט ענױװתדיק איר פֿליגל אײַנגעצױגן
און אים געטרײסט מיט שװײַגן און מיט שבתדיקע זמירות.

אױף מאָרגן האָט געשיקט דער זײדע נאָכן זײגער־מאַכער,
דעם אײנציקן אין שטעטעלע.
מע רופֿט אים: דער גוטמאָיען.

* *

דער זײגער־מאַכער — הונדערט מיט אַ סמיטשיק.
און אַז ער גײט, אַפֿילו זומער, דאַכט זיך אים ס'איז גליטשיק.

בפֿרט אין װינטער שלאָגט פֿון אים אַ פּאַרע
און גענדז און אינדיקעס אין דרױסן מאַכן אים אַ װאַרע.

אַ קאַרליק, און אין הױכע, שװערע פּימעס,
און הענכער איז פֿון זײַן געשטאַלט זײַן שטױנענדיקע תּמימות.

די זון קושט אױס דעם שני. ס'איז חודש ניסן.
און ער אין קלײדער שבֿטיקע. פֿון װאַנען זאָל ער װיסן?

פֿאַרדרײטע װאָנצעס טראָגט ער װי אַ דוכּוס
און אַז ער גײט, באַגלײטן אים פֿון װאַנטזײגערס די קוקוס.

* * *

— גוטמאָיען, װו איז דאָ דער חולה? האָט דער זײגער־מאַכער
געשטרעקט פֿאָרױס די קלײנע הענט פֿון אָנגעבלײַטע אַרבל.
די מאַמע האָט אים אױסגעטאָן דעם פּעלץ און דעם באַשליק
פֿון קעמלהאָר, און אונטערן פֿאַרפֿעצטן פּעלץ — די בורקע
אַרומגעזױמט מיט רױטע פֿעדעם צײניק װי אַ זעג,

און אונטער דעם די שימלדיקע דעליע. ביז דער מײַסטער
געוואָרן איז נאָך קלענער ווי אין שטוב דער סאַמאָוואַר,
אַ פּיצל קינד, אין בלויזן טלית־קטן.

— אַוו איז דאָ דער חולה פֿרעג איך? האָט שוין דער גוטמאָיען
געהיקעט מיט אַ בייזלעכן און אָפּגעהאַקטן אָטעם.
און דעמאָלט האָט די מאַמע אַ צעחושטע פֿון זײַן שאלה
אים אָנגעוויזן גנאָדיק אויף דער קרומער וואַנט:
— אָן איז ער.

— דו מיינסט איך בין אַ יאַשטשערקע? דערלאַנג אַ טאַבורעט —
האָט יינגלדיק דער זקן, מיט אַן אָפּשײַן פֿון אַ שמייכל,
אַרײַנגעזאָגט דער מאַמען. ביז ער האָט אַרויפֿגעקלעטערט,
אַראָפּ צוזאַמען מיטן זייגער, און אים אויסגעצויגן
אויף גאָרן טיש, ווי אַן אַרויסגעשלעפּטן פֿון אַ טײַך,
וואָס ווייסן ווייס מען ניט געגנוי: דערטרונקען אָדער לעבט נאָך?

און איצט האָט אונדזער מײַסטער זיך פֿאַרמאָסטן אויף אַן אמת
אַרויסצווײַזן וואָס ער קאָן:
צו מעסטן אים דעם פּולס,
באַטאַפּן זײַנע מוסקלען,
און צולייגן אַן אָנגעהאָרטן אויער צונעם האַרץ.
און ווערדליק זײַנע ציטערדיקע ברעמען און זײַן מינע —
מ'האָט באַלד געקאָנט זיך אָנשטויסן:
דער חולה איז מסוכּן.

דערמאָנט האָט זיך דער מײַסטער אויפֿן זעלבן טאַבורעט
פֿון אַלע זײַנע וואַנטזייגערס די בלאָנדזשעניש, מאַרשן.
דערנאָך — געבעטן בײַ דער מאַמען מיט אַ דין געבעט:
— אַ שטאַרקע, זודיקע גלאָז טיי מיט אײַנגעמאַכטס פֿון קאַרשן.

און ערשט נאָך מינחה, בײַם צעגליטן קאַנעץ פֿון דער שקיעה,
געראָטן איז אים איבערקערן אויף דער אַנדער זײַט

דעם חולה, ס׳הייסט דעם וואַנטזייגער.
און מיט אַ שוואַרצער לופּע,
געגליכן צו אַן אָפּגעהאַקטער פֿלייט — אַריַין, אַריַין,
אַריַינגעשפּילט אין אינגעווייד פֿון זייגער
און אויסגעדרייט ווילקענעריש
אַ רעדל און אַ שריַיפֿל.

דריַי גילדענע ספּרונזשינע־פֿייגל האָבן ווילד און האַסטיק
אַ זעץ געטאָן באַפֿליגלטע פֿון זייגער צו דער סטעליע.
פֿאַנטאַסטיק
פֿון אַ ציַיט־באַפֿריַיטער, שטורמישער קאַפּעליע!

און ערשט נאָך זיי האָט פֿונעם זייגערס האַרץ אַרויסגעטשלאַפּעט
אַ זומפּיק־אַלטע שפּין: אַ טויטן־שאַרבן פֿון אַ מענטש
פֿאַרקליינט, אין מיניאַטור.
די אויגן אירע —
געצונדענע רובינעלעך. און אָט־אָ שטיַיגט זי ריזיק,
אַלץ נענטער צו דעם זייגער־מאַכער,
נענטער צו זיַין האַלדז.

ער האָט דערפֿילט אַן אומבאַקאַנטן פֿראָסט: וואָס וויל זי טאָן אים?
ווּהין אַנטרינט מען? איז פֿאַראַן אַ הינטערגאַס, אַ ליקל?
און מיט אַ האַנט באַשיצט פֿון איר אַהין־און־קריק זיַין פּנים,
ווי ס׳וואָלט געוואָרן לעבעדיק דעם זייגערס פּאָמפּעדיקל.

אַריַינגעבלויט האָט שוין אין שויב אַ פּסחדיקער שטערן
ווען ס׳האָט די מאַמע אָנגעטאָן דעם זייגער־מאַכער אינעם
באַשליק, אַרומגעקוטעט מיט דער דעליע,
אַרומגענומען מיט דער בורקע, איַינגעהילט אין פּעלץ,
אין קעשענע אַריַינגעטאָן דעם קאַרליק אַ מטבע,

באַדאַנקט אים און באַגלייט מיט ברכות דורך דעם שמאָלן פּירהויז.
דער זיידע האָט אַוועקגעלייגט זײַן פּעדער און האָט אויך
באַגלייט אים און געווונטשן: גייט בשלום.

און אַז דער זייגער־מאַכער האָט געהאַלטן שוין די קליאַמקע
פֿון טיר, האָט ער זיך אומגעדרייט צום זיידן
און האָט געזאָגט אַזוי צו זאָגן: וואָס איז דאָ צו ריידן?
צו אײַער זייגער דאַרף מען יענעם זייגער־מאַכער, יענעם —
און ער האָט אָנגעוויזן מיט אַ פֿינגער אויבן: יענעם.

און זינט ער איז אַוועק, האָט מער דער זיידע ניט געזען אים.

ז. די שׂרפֿה

די שׂרפֿה איז געקומען ווי אַ דונער
און אויסגעפּוצט די נאַכט אין רויטע קרעלן.
געקומען ווי אַ פּאַטש, אַ שנײַ אין זומער,
און בלויז אין שפּיגל זיך געוואָלט געפֿעלן.

די שׂרפֿה איז געקומען יונג, מיט העזה,
די שׂרפֿה איז געקומען אַלט ווי פֿײַער,
פֿאַרהוילן הינטער קאָרע פֿון בעריאָזע,
וואָס לויערט אויף אַ כאַטע, אויף אַ שײַער.

די שׂרפֿה איז געקומען פּונקט ל״ג־בעומר
און אָנגעצונדן צווייַגן מיט הנאה.
ס'האָט אויסגעזען ווי גײַסט וואָלט צינדן חומר
און ס'ווערט אַ וועלט געבוירן אינעם תּוהו.

די שׂרפֿה האָט דערזען איר קאָפּ אין ברונעם
און האָט פֿון שרעק פֿאַרלוירן איר באַוווסטזײַן.
און ס'האָבן ניט געהאָלפֿן קיין תּחנונים,
זי מוז אין יעדער שויב, אין יעדן קוסט זײַן.

די שׂרפֿה איז געקומען ווי אַן אַקער
וואָס לאָזט אין ערד־און־הימל זײַנע סליאַדן.
און ס'איז צום זיידן אויך אַרײַן דער פֿלאַקער,
צו זײַנע אײַנגעטוליעטע כּתבֿ־ידן.

די שׂרפֿה האָט צעשפּאָלטן זיך אין צווייען:
אַ פֿײַער מיט אַ פֿײַער הייבן כּוסות.
און ביידע האַלבע נענטער שוין דערגייען —
די שׂרפֿה האָט זיך אָפּגעבריט אָן אותיות.

די שׂרפֿה האָט צעשפּאָלטן זיך אין צענען.
עס ווערן גרוי צען פֿײַערדיקע ברידער.
די שׂרפֿה זעט ווי אירע מוסקלען ברענען
און קדיש אין דער לופֿטן זאָגט אַ סידור.

אַליין, אָן פֿערד־און־וואָגן, לויפֿן רעדער.
עס יאָגט זיי נאָך די שׂרפֿה אַ צעאַשטע.
פֿון ייִדנס האָב־און־גוטס איז נאָר זײַן פֿעדער
געבליבן אינעם אַש. אַן איבעראַשטע.

ח. דורך נאַכט

דורך נאַכט ווערט דער זיידע געוואָר:
אַנטלאָפֿן דער בכור
קיין אַמעריקע.
דורך נאַכט ווערט דער זיידע געוואָר:
ניטאָ זײַן מיזינקע די זיבעצן־יעריקע.

דורך נאַכט ווערט דער זיידע געוואָר:
זײַן טאַטע „די קרוין פֿון אַמדור" איז געוואָרן נסתלק.
דורך נאַכט ווערט דער זיידע געוואָר:
דער קידוש־ווײַן — גאַליק.

דורך נאַכט ווערט דער זיידע געוואָר:
ס'האָט עפּעס געפּלאַצט אין זײַן גוף אים.
דורך נאַכט ווערט דער זיידע געוואָר:
פֿאַריתומט וועט בלײַבן די פֿעדער נאָך הײַנטיקן יאָר — —

איז דאַרף מען זיך אײַלן,
מצרף זײַן ווײַטער
צירופֿים.

ער האָט ניט געוואָלט,
ניט געוואָלט.

נאָר ליפע דער פֿעלדשער
האָט אַזש מיטן טרײַבל
געקלאַפּט זיך אין האַרצן
און שטאַרקער געבעטן:
— וואָס הייסט?
אַזוינס און פֿון אײַך אונדזער פּער, אונדזער טרייסט?
אַ מענטש איז ניט דורכזיכטיק־דין ווי אַ שײַבל
אַפֿילו ווען ער איז אַ נאַקעטער, בלויזער
פֿון דעסטוועגן זעט׳ן.

איך וואָרן.
בין גוזר.
מיר פֿאָרן.
און דווקא
נאָך הײַנטיקע נאַכט. און אַ נס וואָס דער טײַך איז פֿאַרפֿראָרן.
מיר פֿאָרן.

וואָס קאָן איך דאָ טאָן אינעם העק ווו ס׳איז הײַיאָר
אַפֿילו אַ פּיאַוועקע
צו זוכן מיט פֿײַער?

וואָס קאָן איך דאָ טאָן, אַז איך האָב ניט צו וועמעס

אַן אויער צו ריידן, צו פֿרעגן אַן עצה?
אַז ווען ס׳איז אַוועק אויפֿן עולם־האמת
אַראָן דער אַפּטייקער —
איז ווי אויף זײַן פּלייצע
פֿאַראיינוועגס ער וואָלט זײַן אַפּטייק שוין גענומען אין אָרון.

דעריבער, מיר פֿאָרן קיין ווילנע. מיר פֿאָרן.

אַ נס וואָס דער טײַך איז פֿאַרפֿראָרן.

און אַז בעזרוק האָט נאָך די זעלבע נאַכט געשפּאַנט
אין שליטן
מיט לינקער האַנט
און איַיליק זייַן קאָבילע
(די רעכטע האָט אים אַ יאַפּאָנטשיק אין גאַלאָפּ
אַראָפּ
געשניטן),
בייַם שפּאַנען האָט געטאָן בעזרוק אַ תּפֿילה:
בשלום זאָל דערשלעפּן זיך קיין ווילנע די קאָבילע.

איר פּעל — בעריאָזע־קאָרע. און דער שניי איז קוים צעגאַנגען
אויף איר געביין.
דער דרויסן איז נאָך אַלץ געווען פֿאַר איר אַ שטאַל. בעזרוק
האָט אָפּגעבונדן פֿון איר האַלדז דאָס גלעקעלע. די קלאַנגען
זיי זענען ניט אין איינקלאַנג מיטן זיידנס קראַנקן צוק.

אַ שטיקל נאַכט האָט שוין געאָטעמט אין אַ קופּע שניי
מיט ראָזער צונג. און אויך איר אָטעם, אויבן אין געדריי,
איז קוים צעגאַנגען.

און אַז ער האָט מיט גרויס טאַלאַנט
זייַן שפּייַזערין געשפּאַנט
און אויסגעבעט מיט וואַרעמלעכן, צאַרטן היי
דעם שליטן,
דער זיידע אין זייַן סויבלפּעלץ געלעגן איז אין מיטן
און לעבן אים, ביַי איין קאַנט און ביַים אַנדער קאַנט,
געזעסן איז מייַן יונגע מאַמע און דער פֿעלדשער ליפּע —
געדאַכט האָט זיך בעזרוקן, אַז דער שאָטן פֿון זייַן האַנט
איז ווידער זייַן אַמאָליקע, זייַן לעבעדיקע האַנט.

צוזאַמען מיטן וויאָ האָט ער געטאָן אַ שטילן כליפּע.

## יא. דער ברונעם

צוקאָפּנס פֿון זיידן
אַ קישן פֿון דראָבנינקע אותיות.
צוקאָפּנס פֿון זיידן
אַ גענדזענע פֿעדער,
וואָס האָט ניט פֿאַרענדיקט איר שליחות.

אַ ווימלעניש
ראָיעט און צאַפּלט אין קישן.
אין דרימלעניש
פֿילט ער ווי בלעטער
זיך מישן.
זיי ווילן אים לינדערן זײַנע יסורים,
די אותיות.
און ער וויל זיי געבן אַן אייביקן פֿורעם,
די אותיות,
אַ ווײַלינקע שפּעטער.

פֿון גלי און מחשבֿה
ניט מער צום צעשיידן
און אָסור פֿון טינט
און פּאַפּיר —
זײַנע אותיות.

בײַנאַנד מיטן זיידן
דורך ווינט
און דורך וועלדער יאַדלאָווע
עס בלאָנדזשען אַצינד
זײַנע אותיות.

און פּלוצעם אַ ברונעם

צעווישן געצוויַיג. וואָס באַטייַט ער?
אַ ברונעם. אַ ברונעם.
וואָס נענטער דער שליטן אַלץ ווייַטער
דער זיידע איז פֿון־אים.

אין סליאַדן ווי פֿיסלעך פֿון טויבן
באַגלייטן אים פֿונקען.
זיי ציִען זיך אויך מיטן זיידן
צום ברונעם. צום ברונעם.
דער ברונעם איז אונטן. דער ברונעם איז אויבן.
דאָרט קומען זיך טובלען אין קוואַליקן זוהר
ניגונים:
דער ניגון פֿון תּפֿילה.
דער ניגון פֿון טרויער.
שוין טונקל־מאָל־טונקל אין וואַלד אין פֿאַרשנייטן
און יום־טובֿדיק בלויער
די פֿונקען.

דאָס קומען די אותיות צום ברונעם
זיך טובלען און טונקען.

## יב. אין וואַלד

שוין טונקל־מאָל־טונקל אין וואַלד און די פֿונקען פֿאַרלאָשן.
מע זעט בלויז די יאָדלעס אין לאַנגע אַלטזילבערנע קליאָשן.
אַ פּיקהאָלץ פֿון שטילקייט זאָגט שטילקייט זייַן שכן אין אויער
און ס׳עפֿנט זיך באַלד פֿאַרן שליטן אַ טויער נאָך טויער.
נאָר מאָדנע: וואָס אָפֿענער ס׳זענען די טויערן, דאַכט זיך
אַז הינטער זיי אַלע אַ ריזיקער טויער פֿאַרמאַכט זיך.

אַן איינציקן שנייעלע, פֿאַלנדיק לייַכט, איז שוין לייַכטער
צו הערן זייַן קול אינעם טאָל וואָס אַ שנייִקער לייַכט ער,
ווי דאָ אין פֿאַרשאָטענעם שאָטן־און־שייַן צו דערהערן,
אַזוי ווי דער זיידע אין שליטן — אַ ניגון פֿון טרערן.
צי פֿעלט אים נאָך אויס אַזאַ ניגון צו כמה וכמה?
עס הערט אים דער זיידע און הערט צי עס הערט אים די מאַמע.

— דער וועג איז ניט דער — זאָגט צו יענעם וואָס זיצט מיט דער פּלייצע
בלחש דער זיידע — אַנו, לאָז מיר ציִען אַ לייצע.
מיר וועלן אַזוי ניט אַנטרינען פֿון וואַלדיקן פּלאָנטער,
דער וועג צו די טרערן אַ וויַטער קאָן זייַן און אַ נאָענטער.
אַ פּיקהאָלץ פֿון שטילקייט זאָגט שטילקייט אַ צווייטן, אַ דריטן
און אויסער די טויערן אַלע בלייַבט הענגען דער שליטן:

אַ וועלפֿעלע אָקערשט געבוירן און הויל, אָן אַ פֿוטער,
און פּאַזע דעם וועלפֿעלע גליווערט אַ טויטע זייַן מוטער.
האַרצרייַסנדיק ווײנט די באַשעפֿעניש הערן שוין אַלע
און אויך די געצונדענע וואַסערלעך ווערן נתגלה.
אַ קייַלעכדיק ליכט נעמט די צונג אַרייַן אין זייַן קייַלעך
און שפּרייט אויף דער טויטער פֿון שנייגעוועב דינעם אַ לייַלעך.

און ס'זאָגט צו דער מאַמען וואָס פּאַנצערט זיך איַין אין פּאַטשיילע,
דער זיידע אַזוי: האָב ניט מורא. גיס אָן אין אַ כּלי
פֿון בוטל דאָס מילך, דאָס געגומענע מיך דאָ צו נערן
און לאָז פֿאַרן יתום, צו איַינוויגן אים זיַינע טרערן.
און גוט וועט דיר זיַין. דו האָסט זוכה געהאַט צו דערהערן
דעם ניגון פֿון אַלע ניגונים: דעם ניגון פֿון טרערן.

## יג. פֿאַרטאָגיקע רויכן

פֿאַרטאָגיקע רויכן פֿון ליימענע, גרויע געבײַען,
פֿון שטיבלעך ווי נעסטן, ציגעלניעס בײַם טײַך, בעקערײַען;
פֿון ווינקלען ווו ייִדענעס פֿעדערן פֿליקן פֿאַר כּלות,
ווו טרעגערס די מעליקע זעק טוען אָן און שטיוואַלעס;
פֿאַרטאָגיקע רויכן פֿון דורכהויפֿן, קלויזן, שפּיטאָלן —
מיט פענדזלען געטונקען אין וואַרעמען חלום, זיי מאָלן
אויף הימלשן לײַוונט אַ לאָנקע אַ פֿאַרביק צעבליטע.
ס'באַנעמט ניט דער שניי אויף די דעכער: ווי קומט דאָ אַ לאָנקע?
נאָר ס'דאַכט זיך דעם זיידן: אָט גיט ער אַהין אַ פֿאַרבלאָנקע.

פֿאַרטאָגיקע רויכן פֿון ירושלים דליטא.

*

— אויב איך קאָן וואַרטן, קאָן איך וואַרטן ראָזענקראַנץ, נישקשה,
און זאָל ער נאָר ניט מיינען, דער פּראָפעסאָר, אַז ער האַלט
מײַן אָטעם אין אַרענדע.
און איצט, מײַן טאָכטער, זאָלן ביידע ייִדן
פֿאַרבלײַבן אין אַכסניא. זאָל מען אויסשפּאַנען דעם פֿערד
און געבן היי און האָבער. דו אַליין וועסט מיך באַגלייטן
צו ציונסזאָהן אין דרוקערײַ.
צו ראָזענקראַנצן דאַרף בלויז גיין מײַן גוף,
מײַן קראַנקער שאָטן,
צו ציונסזאָהן אין דרוקערײַ —
עס אײַלן מײַנע אותיות
געטובֿלטע אין לעבעדיקן ברונעם. פּסקן דו —
צו וועמען גיין צו ערשט? און לאָמיר גיין
צו פֿוס.
צו פֿוס.
און טאַקע אָנעם שטעקן.
עס טאָר אַ ייִד ניט אָנלענען אמונה אויף אַ שטעקן.

דער זיידע גייט אַליין אַראָפּ פֿון שליטן
און הייסט דער מאַמען מיטנעמען דעם רענצל מיט די כּתבֿים —
זײַן טרייסטנדיקן קישן דורכן וואַלד, אויף דער נסיעה.

דער פֿעלדשער ליפּע איז נשתּומם.
ס'פֿעלט אים בלויז די העזה
צו שטעלן זיך אַנטקעגן, זײַן דערווידער.
נאָר ס'פּנים זײַנס, פֿון גרימצאָרן און אָפּשײַ,
ווערט אַ בוריק.

בעזרוק שטויבט אָפּ פֿון זיידנס פּעלץ די שטרויען,
ווי יעדער שטרוי געוועז וואָלט אים אַ שאָד:

אַ שטרוי אַ רענדל.
אַ ליטער ספּירט פֿון זײַן פֿאַזוכע ציט ער באַלד אַרויס,
אַ זעץ אין קני, און ס׳טוט אַ פֿלי אַ שיכּורער
דער פּראָפּן.

און איבער זיי — די זשומענדיקע און צעבליטע לאָנקע
מיט לאַם און וואָלף און ייִנגעלע צוקאָפּן.

* *

די מאַמע האָט דערפֿילט אַ שטאָך,
ווי נאָר איר האַנט האָט ניט געפֿונען
אין היי דאָס רענצל. וויי און אָך.
די זון האָט אויפֿגעהערט צו זונען.

ווען זי וואָלט אָנגעטאַפּט אַ שלאַנג,
אַזוי דאָס פּוסטע אָרט אין שליטן.
אַ רגע איז געווען צו לאַנג,
די אויגן האָבן זיך געביטן.

ווי בעתן טרינקען זיך, געשווינד
עס זעגלען דורך די טרוימערײַען
פֿון אַלע יאָרן, איז אַצינד
פֿאַרבײַ איר וועלט כּהרף־עין.

אַוווּ איז יושר און באַצאָל
פֿאַר לײַדנדיקער האָרעוואַניע ?
נאָר שמייכלען האָט געמוזט איר קול :
— דאָס רענצל איז גאָר אין אַכסניא.

איך האָב עס דאָך אַליין אָט ערשט
אַרײַנגעטראָגן, אייגנהענטיק.
און ווידער שמייכלענדיק־באַהערשט :
— ס׳איז קאַליע מײַן זכּרון, קענטיק.

זי האָט נאָך שטיפֿעריש אַ שפּריַיז
געטאָן צום זיידן און — אַ קוש אים.
און אומגעפֿאַלן אויפֿן איַיז
מיט פֿינצטערניש אין אַלע חושים.

טו. דער גנבֿ

*

הודעות און עקסטרע געשריפֿטסן פֿאַרהענגען די שטאָט,
פֿאַרשיווע רעמיזע, דעם האָלצמאַרק און אַגרעסעס באָד.
פֿאַרהענגען דעם שולהויף און רוזעלע און די בוסאַקעס,
די קנײַפּעס און שענקען מיט בלאַטע, שיכּורים, הוליאַקעס.
פֿאַרהענגען די ווענט·
און אַלע געווענדט

צו די חשובֿע ווילנער גנבֿים:

היות
על־פּי־טעות האָט עמעץ גענומען
יום א׳ בשבֿט אין אַ שליטן אַ רענצל מיט כּתבֿים,
היות
ווי זיי האָבן במילא קיין געלטלעכן ווערט ניט,
היות
יענע כּתבֿים געהערן אַ רבֿ,
דערצו נאָך אַ חולה־מסוכּן,
דערום איז מען מתּרה דעם נעמער,
אַז ווען ביז יום ג׳ עם שקיעת החמה
די זאַך וועט צוריק זיך ניט אומקערן, חס־וחלילה,
צו איר בעל־הבית,
איז וועלן די אונטן געחתמעטע נעמען דעם נעמער
און וועלן פֿאַר שוואַרצע, געצונדענע ליכט
אים לייגן אין חרם — —

* *

ער האָט זיך באַוויזן פֿאַר שקיעת החמה
און ניט אויף די ציפּקעס און ממזרשן טענצל.
אַזוי ווי משיחן האָט אים די מאַמע
דערזען אויפֿן גאַניק, דעם יונג מיטן רענצל.

ער האָט זיך באַוויזן מיט גלאַנציקן ברילִיק,
אַרונטערגעלאָזן ביז איבער די ברעמען.
אין געמזענע שטיוועלעך, פּריציש און ביליק,
ווי זיי וואָלטן אויך פֿאַרן זיידן זיך שעמען.

ער האָט זיך דערנענטערט צום הויכן געלעגער
און שטום פֿאַרן מלך געטאָן זיך אַ שאָקל.
אַ טראָט אויף צוריק. ער האָט מורא צי מעג ער.
אַ טרער אין זײַן אויג ווי אַ האַלבער מאָנאָקל.

דערנאָך, פֿאַר דער אייגענער שרעק זיך דערשראָקן,
און ביסטרע אַ שפּאַן און דערלאַנגט די אַבֿדה.
ער וואָלט זיך געביטן, דער יונג, מיטן זקן,
הלוואַי זאָל ער זײַן אויפֿן אָרט ווו דער זיידע.

אַרײַן איז די שכינה פֿון שניי אינעם שפּיגל,
אין דרויסן בײַם פֿענצטער — אַ נײַגער פֿון מענטשן.
אַ שטיין פֿון זײַן האַרץ פֿאַלט אַראָפּ צי אַ ציגל:
— איך וועל ניט אַוועק ביז איר וועט מיך ניט בענטשן.

דער זיידע שטרעקט אויס, ווי אַ סצעפּטער, אַ דינע
געאָדערטע האַנט און — אַ לויב צו זײַן נאָמען —
ער בענטשט. און אויף ביידן פֿון שפּיגל די שכינה:
— זאָלסט קיינמאָל ניט זײַן מער קיין גנבֿ. זאָג אָמן.

טז. דער זיידע צום פּראָפעסאָר

מיט אײַזערנער פּען ווילט איר שרײַבן רעצעפּטן?
קאָן זײַן, ערגעץ לעבט אַ בן־אָדם פֿון אײַזן,
פֿאַר אים דאַרף מען שרײַבן מיט אײַזן.

און איך בין אַן אַנדערער,
ניט אַזאַ איינער.

עס בליִען שטיינער. עס לעבן שטיינער.
עס דאַרפֿן ניט קיינעמס רעצעפּטן
די שטיינער.

עס וויל ניט דער וואָלקן
עס זאָל אים באַגיסן אַ רעגן.

צעהאַק אַ דימענט
לויכט ער נאָך בעסער.

עס דאַרף ניט אַ בליץ קיין רעצעפּטן,
פּראָפעסאָר.

ווער היילט דעם לאַרך?
זײַן אייגן געזאַנג.

ווער היילט דעם קוואַל?
אַ טונקעלע הייל.

פֿון וואָסערע קרײַטעכצער,
וואָסערע גראָזן

באַשטייט אייַער היילונג:

און זאָגט מיר, פֿון וואַנעט
די צמחים, פֿון וואַנעט:
ווען זיי וואָלטן אַנדערע היילן געקאָנט אויף אַן אמת,
וואָלט יעמאָלט קיין איינציקע רויז ניט געוויאַנעט.

עס ווינט די נשמה אין מענטשן, אַזוי
ווי זון אין באַזונדערן היכל פֿון טוי.
פֿאַראייניקט זיך זון מיט דער זון, קאָן דען בלייַבן
דער היכל אַ ליידיקער: קומט טאַקע, נאָכן
געזעגענען זיך, אינעם היכל אַ שכן — —

## יז. אויף הר הצופים

איך זוך דאָס פּימסן־קעסטעלע דער מאַמעס.
קיין מאַמע איז ניטאָ. ניטאָ קיין פּימסן...
און ס'דאַכט: ניטאָ שוין מער קיין דלד־אַמות.
ווי לעצטע טורקלטויבן פון געזימסן —
אַוועקגעפלויגן. אוי, עס ווייס ניט קיינער
דעם קבֿר פון אַ טויב. איך זוך דעם בת־קול
פון זיידן, ווו עס רוען זײַנע ביינער,
אַ סימן פון זײַן פעדער, בלויז איר בליאַסקל.
איך זוך די זעונג, זיידע, ווו דײַן פעדער
איז לופטיק ווי אַ מלאך און איז ערדיש ווי אַ צעדער.

איך זוך דײַן פעדער. האָסט זי מיר באַוויזן
אין חלום אונטער אַשיקע רויִנען.
און ווי לבֿנה ציט אַ כוואַליע ביזן
באַשערטן ברעג איר אָנהייב צו געפינען,
אַזוי געצויגן האָט זי מיך. און שפּעטער
פאַרשטאַנען האָט דײַן אייניקל דעם זינען:
די פּערל אָנגעצילעטע אויף בלעטער —
די אותיות דײַנע, זאָל איך ווען געפינען
און פרייען זיך: אָט זענען די פאַרשווינדער.
און אָנטאָן זיי, די אָפּגעזוכטע פּערל, מײַנע קינדער.

דײַן הייליק ספר איז געבליבן, זיידע,
מסתם אַן איינציקס אויף דער וועלט. עס זענען
די אַנדערע אַוועק אויף דער עקדה.
און היימיש האָט געטאָן צו מיר גענענען
דײַן ספר באַלד ווי כ'האָב צו אים דערקלעטערט
אין ספרים־פעסטונג פון ירושלים
אויף הר הצופים. ווער האָט אים געבלעטערט?
אַ טויטער זיידע וואָס איך זע אויף ס'נײַ אים,
צוזאַמען מיט אַ לעבעדיקן. יעדער.
ביז וואַנען איך האָב אויפגעוועקט זיך מיט „מײַן זיידנס פעדער".

1968 — 1969

## מ ײַ ן  ט אַ ט נ ס  פּ י ד ל

א

ווו ס׳פֿאַלט אַרײַן די אָמקע אין אירטיש,
אַפֿילו דעמאָלט
ווען קיינער זעט ניט, הערט ניט, ווי דער בײַטײַך פֿאַלט אַרײַן
אין מוטערטײַך
(די זעלבע ווינטער־קאָלדרע וואַרעמט ביידן),
אַרײַנגעפֿאַלן, קינד מײַנס, בין איך אויך,
אַן אומגעזעענער, אַן אומגעהערטער,
אין ברייטן מוטער־לעבן — אָן דער קוועלעניש פֿון ווערטער.

אַרײַנגעפֿאַלן —
און געבליבן הירשיק אויף די פֿיס,
אַרומגעשנייט מיט מאָנענדיקן וווּנדער.

אַצינד ביז דנאָ פֿון מײַן זכּרון זע איך:
געסטײַעט וואָלט מיר פֿון דער גאָרער־וואָרער־קלאָרער קינדהייט
אַ טאָג אַן איין־און־איינציקער,
אַ נאַכט אַן איין־און־איינציקע,
כ׳זאָל קאָנען דיר דערציילן און דערציילן
ביזן לעצטן
אַרויסגעוויינטן אָטעם, ווען דער לעצטער ווערט דער ערשטער.

מסתּמא האָסטו ליב דײַן טאַטן, ווי דײַן טאַטע — זײַנעם.
און זיכער האָסטו אויך צו אים אַ טענה, ווי דען אַנדערש?
דערציילן וועל איך דיר צו דײַן געבוירן־טאָג דעריבער
אַ טענה צו מײַן טאַטן אַזש מיט פֿופֿציק יאָר צוריק,
און לאָמיר הערן דײַן גערעכטן מישפּט:

ב

מיט ליכט־ און שאָטן־פֿלעקן פֿון בעריאָזע־קאָרע מיניעט
אין כוטער. דרויסן — פֿראָסט. נאָר אינעווייניק — וואַרעם.
אַ וואַרעמקייט פֿון חנוכּה.
אַ וואַרעמקייט פֿון קלאַנגען,
אַרויסגעבליט פֿון טאַטנס פֿידל.
ערשטע טרערן הילצערנע שוין פֿינקלען פֿון די קלעצער,
מיט פּאַקעלע געזוימט (זיי האָבן אויך אַ נאָמען: ווענט).

און ווייסן ווייס איך מער פֿאַר מײַנע פֿינגערדיקע יאָרן.
למשל:
אַז די זון פֿאַרגייט ניט, נאָר זי קומט צו פֿוס
פֿאַרנאַכטלעך אין מײַן ווינקל און וועבט־אויס פֿאַר מײַנעטוועגן
אַ זעונג פֿון איר אינגעווייד —
אַ חלום אין מײַן חלום.

למשל:
אַז אין טאַטנס פֿידל וווינט אַ שטומער מלאך,
און דעמאָלט בלויז ווען אויבן לאָזט דער טאַטע שוימיק שווימען
אַהין־צו און צוריק אַ האָריק שפּענדל
און זײַנע דינע פֿינגער גיבן סודותדיקע צייכנס —
צעשפּילן זיך מתיקותדיק די קליינע, שטומע ליפּן.

למשל:
אַז פֿאַראַן אַ טויט, נאָר בלויז אַ טויטער זעט אים.

און ווייסן ווייס איך אויך, אַז אויפֿן אַנדער זײַט אירטיש,
אַוווּ די טײַגע הוידעט־אײַן אויף אויסגעשפּרייטע פֿליגל
דאָס אָנגעשנייטע פֿײַער —

צעשניטן איז דער פליין פֿון סליאַדן. עפּעס גייט דאָרט אָן
אַ הרגעניש, אַ וואַרגעניש פֿון מענטשן און פֿון הירשן
געשפּאַנט אין שליטנס. מילא, מענטשן — לייגט זיך אויפֿן שׂכל,
נאָר הירשן, הירשן,
קעגן וועמען האָבן זיי געזינדיקט?

ג

איך האָב אַליין געזען אַזאַ געפֿאַלענעם,
פֿאַרשעמטן הירש אין בלויענדיקן פֿרי:
צוקאָפּנס הויכע ליכט פֿון שניי באַשטראַלן אים,
אַ הירשעלע צופֿוסנס אויף די קני.

די שטאַרע אויגן — קײַלעכיקע בריִנעמער,
דערטרונקען שוין אויף זייער דנאָ דער טאָג.
ס׳באַוועגט זיך ניט זײַן בייניקע טשופּרינע מער,
און בלויז דער שאָטן יאָגט אין זײַן געיאָג.

וואָס קאָן אים איצטער העלפֿן מײַן דערבאַרעמקייט,
מײַן קול ווו ס׳ליגט פֿאַרפֿרוירן זײַן געשריי?
אַרויסגעצויגן פֿון אַ נאָדל וואַרעמקייט —
אַ רויטער פֿאָדעם ראַנגלט זיך אין שניי.

ד

כ׳געדענק דעם קלאַפּ אין טיר,
דעם קלאַפּ אין האַרצן.
דער טאַטע האָט געצונדן ס׳דריטע ליכטל.
אַ טעות, ניין:
געצונדן ס׳דריטע קינעלע.
קיין ליכטלעך זענען אין דער געגנט ניט געווען
בנימצא.
נאָר ס׳האָבן אויך די קינעלעך,
די טרוקענע ווי ביין,
אַריַינגעשטעקטע צווישן קלעצער —
ניסימדיק באַלויכטן
דעם בית־המיקדש, און מיט מיר צוזאַמען
געענטפֿערט אָמן אויף דעם טאַטנס ברכה.

דער דריידל מיַינער,
אייגנהענטיק אויסגעשניצט פֿון האָלץ,
געדרייט האָט זיך אין ריטעם
פֿונעם שניידריידל אין טיַיגע,
און מיטן ערשטן קלאַפּ אין טיר
געפֿאַלן אויפֿן גימל.

די מאַמע האָט זיך איַינגעהאָרכט,
און שלאַנקער נאָך ווי תּמיד
געגאַנגען צו דער טיר,
געגאַנגען זיכער:
— עס איז דער סטוק אַ ייִדישער —
דערביַי געטאָן אַ זאָג,
און אָפּגעצויגן פֿון דער טיר דעם ריגל:

אַ נײַער פּנים רייכערט זיך אין שפּיגל.

ה

אַ לויב דער מאַמען און אַ לויב איר טרעפֿניש:
אַרײַנגעדריידלט האָט זיך מיט אַ פּאַרע
אַ ווינטיקע, צעשויבערטע באַשעפֿעניש.
קוים־קוים פֿון פעלץ אַרויסצוזען די מראה.

נאָר אַז דער גאַסט האָט אונטער וואָנצעס נאָדל'יקע
אַרויסגעפּרעפּלט ס'ערשטע וואָרט אויף ייִדיש,
און לויטער איז צעגאַנגען פֿון דער אָדליגע
זײַן כמורנער שניי און אונדזער שרעק־און־חידוש,

און ס'האָט דער סאַמאָוואַר צעהיצט זיך קאָכעדיק,
אַזש ווי אַ בער געוומען טאַנצן, דעמאָלט
געוואָרן זענען אַלינקע משפּחהדיק,
און העלער האָבן קינעלעך געפֿלעמלט.

זײַן ביקס־און־פּיקע האָט שוין די פּאַראַניקע
ניט מער געשראָקן. באַלד איז מען געזעסן
בײַם טיש. די מאַמע האָט לכּבֿוד חנוכּה
דערלאַנגט אַ מאַרצעפּאַנעדיקן עסן.

אַצינד האָב איך געזען זײַן פּנים דײַטלעכער:
באַוואַקסן ביז די אויגן ווי אַ סאָווע.
נאָר זייער גלי אַ שטאָלענער, אַ ווײַטלעכער:
— דעם נאָמען מײַנעם ווילט איר וויסן? ליאָווע.

און איידער נאָך אין הייסן טיי אַ בלאָז געטאָן,
פֿאַרשיכּורט האָט אַ שלאָף זײַן צער און דאגה.
און ווידער האָט מײַן דריידל זיך אַ לאָז געטאָן
צוזאַמען מיטן שניידריידל אין טײַגע.

ו

אַז אויפֿגעוואַכט האָט אונדזער אורח,
געבליבן איז ער פֿאַרהאַלושעט:
הויכהערנערדיק אים וואַרעמט ס׳פּנים
אַ יונגער, שײַנענדיקער גאָלדהירש.
— גוט־מאָרגן, מאַכט צו אים דער גאָלדהירש,
און ליאָווע, ניט מיט זײַנע ליפּן,
אַ נעכטיקער:
— גוט־יאָר, גוט־יאָר...

פּלוצטהאַלבן זיך דערשראָקן פֿאַרן
באַקאַנטן קול צי פֿאַרן גאָלדהירש,
דערלאַנגט ער אַ געניטן שפּרונג
פֿאָרויס. און פֿלינקער נאָך, פֿאָרויסער —
זײַן רעכטע האַנט מיט פֿינף באַשיצערס.

און ווי אַ הונט פֿאָרויס דעם יעגער
פֿאַרשפּרינגט אויף זײַן פֿאַרקנאַלטער חיה —
פֿאַרשפּרינגט זײַן האַנט אַרום דער ביקס
און כאַפּט זי האַסטיק פֿאַרן גאָרגל.

פֿאַוואָלינקע, ניט ליאַרעם, ליאָווע,
מסתּמא שלאָפֿט נאָך דײַן מחשבֿה.
אומזיסט אַ צי די ביקס, ווי ס׳וואָלטן
אַרײַן דאָ שליטנס פּונעם שׂונא.
די זון אין כוטער קעמט דײַן קאָלטן
און באָרד־און־פּיאות צימרינג־ברוינע.

ז

ער האָט זיך פֿונאַנדערגעלאַכט ווי פֿון אונטער
צעשפּליטערטן אײַזדעק אַ נאַקעטע כוואַליע.
געבערגלט פֿאַר מיר זײַנע מוסקלען און מונטער
געטאָן זיך צוריק אויפֿן בעטל אַ וואַליע:

— נאָך צײַט ביז דער שקיעה. געבענטשטע מינוטן.
און ווידער אין טײַגע ווו אַניענקאָוו לויערט
מיט זײַנע קאַלמיקן, מיט זײַנע יאַקוטן.

און ס׳האָט בעתן רײדן זײַן קול זיך פֿאַרטרויערט:
— געדענקט מיך צום גוטן, געדענקט מיך צום גוטן.

ח

און דעמאָלט האָט מײַן טאַטנס פֿידל
אַרויסגעשפּילט פֿון זיך מײַן טאַטן.
אַרויסגעשפּילט פֿון רויטן פֿורעם
די שטומע עדות פֿון יסורים.

אַרויסגעשפּילט פֿון זיך דעם פֿויגל
פֿון בוים וואָס איז געוואָרן פֿידל.
זײַן קוואַל, זײַן קינדערשע יניקה,
פֿאַרזיגלט אונטער שטיינער דיקע.

און דעמאָלט האָט מײַן טאַטנס פֿידל
אַרויסגעשפּילט פֿון אירע תּהומען
איר שניצער, וואָס מיט שאַרפֿן אויער
האָט אויסגעשניצט פֿון בוים זײַן טרויער.

אַרויסגעשפּילט האָט אויך זײַן פֿידל
איר שטומקייט בלויז פֿאַר מינוטן,
אַז איך אַליין זאָל זי דערהערן,
אַרויסשפּילן פֿון זיך אַ שטערן.

ט

אַז ליאָווע האָט פֿאַרנומען
דעם קלאַנגבאַשאַף אין כוטער,
די ראָיעניש אין טויבנשלאַק
אויף טאַטנס לינקן אַקסל,
אַרויסגעקײַקלט האָט זיך פֿון סאָלדאַט
אַ גראָבע טרער,
און ס׳איז די טרער אין פֿאַנגנעץ פֿון זײַן באָרד
געבליבן הענגען.

דערנאָך האָט ליאָווע מיט זײַן טרער צוזאַמען,
פֿאַר אַן עדות,
געגעבנט צום טאַטן
און —
איך הער נאָך איצטער זײַנע ווערטער:

— דו גוטער־גוטער מענטש, ווי הײַנט איז חנוכּה,
דײַן פֿידל
האָט אויפֿגערירט מײַן וואָלפֿיש האַרץ.
כ׳בין ווידער אַ בן־יחיד
בײַם ברעג פֿון דניעפּער
צווישן טאַטע־מאַמע.
און ווידער שפּיל איך אויף אַ פֿידל
קעגן קאַרשנביימער
אין פֿענצטער,
פֿאַרן הויז,
און הינטער זיי — דער ברייטער דניעפּער;
און ווידער זע איך, שפּיר איך, אַז אַ פֿידל

געבענטשט איז מיטן זעלביקן קאָליר און טעם פֿון קאַרשן.
קוים וועל איך אָבער, גוטער מענטש,
פֿאַרשווינדן אין דער טײַגע —
פֿאַרשווינדן וועלן אויך די קאַרשנביימער,
טאַטע־מאַמע,
פֿאַרשווינדן וועט מײַן פֿידל
מיטן פענצטער און בן־יחיד,
און וואָלפֿישער ווי פֿריִער וועט מיר וואָיען ס׳האַרץ,
באַוואַקסן
מיט נעגל, נעגל.
הפֿקר וועט זיך וואַלגערן מיט הפֿקר.

פֿאַרזייסט אַ קערנדל אין באָדן —
וואַקסט אַרויס אַ בוים,
פֿאַרזייסט אַ מענטשן, וואַקסט אַרויס
אַ בערגל פֿאַר אַ פֿעלדמויז.
דעריבער, גוטער מענטש,
אַנטלײַ מיר,
ניין, פֿאַרקויף דײַן פֿידל,
איך זאָל זי מיטנעמען אין טײַגע,
צודריקן צום לײַב,
הנאהדיק, מיט אויגן שניי־פֿאַרשאָטענע,
אַ שפּיל טאָן.

באַצאָלן האָב איך ניט מיט וואָס.
מײַן געלט איז מער ניט גילטיק.
באַצאָלן קאָן איך מיט מײַן עולם־הבא.

דער טאַטע איז געוואָרן דינער, בלייכער.
ס׳האָט זײַן בליק

פֿאַרטראָגן זיך צו גאָר אַ ווײַטן שנייעלע אין דרויסן.
אַרויסגעשפּילטע קלאַנגען האָבן לופֿטיקע־אָן־אָטעם
צוריק אַרײַנגעפֿלאַטערט אין דער ווייכער נעסט פֿון פּידל.
ס׳האָט אויסגעזען: עס ראַנגלען זיך אין טאַטן צוויי נשמות
און זײַנע ליפּן זענען אויך אַנטרונען אין דער נעסט.

כ׳האָב צולויפֿן געוואָלט צום טאַטן, זאָגן אים אַ זאָג,
נאָר עמעץ האָט אין שווערע קייטן מיך געטאָן פֿאַרקאָוועט.
און דעמאָלט איז די פּידל, ווי דער לעצטער שטראַל פֿון טאָג,
אַליין אַרײַנגעשווומען אינעם ווײַסן פעלץ פֿון ליאָוועט.

י

אַ טענה האָב איך צו מײַן טאַטן, אַ געפֿיל אַ האַרבן:
אַן עולם־הבא קאָן אַ מענטש דען לעבן, קאָן ער שטאַרבן?

אַ שולד, אַ זיסער וועלט־רחמנות, צופּט אין מיר לגבי
דעם ביטערן סאָלדאַט וואָס האָט פֿאַרקויפֿט זײַן עולם־הבא.

„ס'וואָלט זײַן אַ יושר — הער איך נאָענט־ווײַט אַ מין געווערטל —
דו זאָלסט אים שענקען פֿון דײַן עולם־הבא כאָטש אַ פֿערטל".

און ס'פֿעלן סײַ אין כוטער סײַ אין מיר די זעלבע סטרונעס,
אומהיימלעך גלאָצן פּוסטקייטן פֿון קלעצער און שפּאַרונעס.

דעריאָגן מוז איך ליאָווען. כ'האָב אים ליב, זײַט וויסן אַלע — —
אין ווייכן וואַקס פֿון שניי איך זוך אַ שפּור פֿון זײַן שטיוואַלע.

דערציילן גאָט ? בשתיקה, אַן אַלייניקער,
דערצייל איך אים, אַז קיינער זאָל ניט הערן,
די מעשׂה מיטן פֿידעלע, מער־ווייניקער,
און וועגן מײַן אַרויסשפּילן אַ שטערן.

מײַן טענה בלײַבט אַ טענה. ס'ווערט ניט פֿריילעכער.
אַז קיינער ווייס ניט ווו די סטרונעס צאַפּלען.
סיבירער פֿרילינג שימערט פֿון די שניילעכער
מיט זײַנע יונגע נאַסלעכע גרינאַפּלען.

און שטיל אין טײַגע. אויס מיט דער געשלעגעניש.
איר קינד זוויגט־אָן די הירשיכע די מוטער.
באַשערט איז מיר אין פֿרילינג אַ באַגעגעניש:
אַן אַלטיטשקער די פֿידל ברענגט אין כוטער.

פֿון וואַנען ? ווו איז ליאָווע ? נאָר דער זיידעלע
איז טויב און שטום. געבראַכט זי און — פֿאַרשווונדן.
דער טאַטע נעמט זי צערטלעך אין די איידעלע,
פֿאַרבענקטע הענט: זײַן פֿידל איז אין וווּנדן.

— באַרויִק זיך, מײַן קינד, איך וועל זי ראַטעווען,
און שפּילן וועט זי שענער נאָך להבא.
— —
פֿאַרהוילן פּיקן זיך די קלאַנגען. טשאַטעווען.
און ליאָווע האָט צוריק זײַן עולם־הבא.

1970

## די ציגעלניע

א

גענוג מיט די צײַטווערטער. אײביקײט־ווערטער דערלאַנג מיר, משוגענער שאַפֿער,
און זאָג ניט פֿון ווערטער־געוווינטשאַפֿט: אַוועק און פֿאַרשווונדן.
גוט־מאָרגן דיר, נעכטן. די טעג און די נעכט זענען וווּנדן:
סימנים פֿון לעבן וואָס לעבן און לעבן. געוואָלט האָט אַזוי דער באַשאַפֿער.

ב

איך זע ווי בימים ההם
באַשײַמפּערלעך אַנטקעגן איבער:
אַ פּורפּורנע ציגעלניע. ליים.
דאָס רעגן־וואַסער שלאָפֿט אין גריבער.

דערבײַ געבונדן צו אַ שטאַנג,
אַ פֿערד געדולדיק און בהמיק,
וואָס דרייט אין זיפֿצנדיקן גאַנג
דעם ליים. און אויך זײַן אָטעם — ליימיק.

פֿאַרזונקען ביזן בויך אַ פֿוס,
איז דאַנקען גאָט וואָס דאָ אַ צווייטער.
און שטענדיק זע איך אים, דעם סוס,
ווי רויטן ליים געדולדיק דרייט ער.

אַז טייגיק איז דער ליים און טויג,
און ווי אַ צונג אין ווייכן פלאַפּל,
דערלאַנגט זיך יענער אַ פֿאַרנויג:
אַ טרער פֿון ליים אין זײַן שוואַרצאַפּל.

און אינעווייניק שטייט אַ יונג
און וואַרפֿט, בײַ אים איז הײַנט אַ גראַטשקע,
די ווייכע, פלאַפּלענדיקע צונג
אַרײַן מיט לאָפּעטע אין טאַטשקע.

ווינצענטי פֿירט זי דעמאָלט אָפּ
צו שײַקען, צו באַשאַפֿן ציגל.
אַ דערנערקרוין איז אויפֿן קאָפּ
פֿון קעניג פֿערד וואָס דרייט אין עיגול
פֿון רעכטס אויף לינקס,
פֿון רעכטס אויף לינקס,
כּסדר ליים אין זעלבן עיגול.

ג

און בײַם ציגעלניק שײַקע אין די מוסקלען לאַכט אַ שטורעם.
הנאה האָב איך קוקן ווי ער ליאַפּעט ליים אין פֿורעם.

אַ ליאַפּע און — געגוי די מאָס. אַ חנדל נאָר די ווירע.
און ס'פּאַשען זיך אויף קילן גראָז די ציגל, זײַן יצירה.

געבענטשטער יונגער זומערלעב. די זשוקעס טראַלאַלײַקען.
מקנא בין איך קײנעם ניט. מקנא בין איך שײַקען.

ווי דעמבעס פֿון די קערנער, וועט אַ מויער אויף אַ מויער
אַרויסוואַקסן פֿון ציגל; (אין ווילנע אויך — קאַפּויער).

און ערגעץ אויף אַזאַ געבײַ וועט האַמער, טשוואָק און הובל
צונויפֿשלאָגן אַ בוידעם פֿאַר אַ סטרוניקן מקובל.

— מה טובֿו דײַנע ציגל, שײַקע — בענטש איך זײַנע מעשׂים.
און ס'גלוסט זיך מיר זײַן תּלמיד זײַן, אַרויסווײַזן מײַן פֿלײַס אים.

דערווײַלע בעט איך שײַקען אַ געפֿעליקייט אַ קנאַפּע:
— דערלויב מיר מיט דער לאָפּעטקע צו טאָן אַ קלײנעם ליאַפּע.

און ביז די ציגל באַקן זיך ווי לעבלעך ברויט אין אויוון,
באַוונדער איך זײַן מײַסטערשאַפֿט און הער ניט אויף מה טובֿו'ן.

ד

די זשוקעס האָבן בלויע פֿליגל
און קעפּעלעך פֿון שטאָל.
זיי האָבן ליב די רויטע ציגל,
וואָס פּאַשען זיך געשמאַק אין טאָל.

נאָר ווײַס ווי שוים פֿון קעסלגרוב אין טײַך
איז די קאַפּעליע,
איעדער מוזיקאַנט באַזונדער גיט מיר אַ פּריטשמעליע,
ווען אַלע ווילן זיי בײַ מיר
פֿון שׂימחה צי פֿון טרויער
אַראָפּזעגן אַן אויער.

נאָר אַז די זשוקעס לאָזן זיך בײַם זונפֿאַרגאָלד
אַרונטער
צוזאַמען מיט די שאָטנס
אויפֿן אָפּגעגילדטן פֿערד —
פֿאַרוואַנדלען זיך אין דימענטן
די זשוקעס אין זײַן קרוין.
און ער אַליין איז ווידער
קעניג פֿון דער ערד.

ה

איך קאָן ביַי נאַכט ניט שלאָפֿן. איבער מוראדיקן פלאַנקען,
לבֿנה־גייעריש איך קום אַראָפּ צו דער ציגעלניע.
די פֿיַיכטע ציגל שמייכלען צו די שטערן. שאָטנס בלאַנקען.
און אַנדערש איז דער קוימען אויך: אַ טיַיוול אויף אַ קעלניע.

נאָר מיַינע שמע־ישׂראלדיקע ליפּן שניַידן אונטער
די שרעקן:
אַנטפּלעקן וועט זיך באַלד אַ סוד, אַנטפּלעקן
פֿון וועלכע ציגל, אויסדערוויילטע קודם,
וועט זיך וועגטיקן
ס׳געביַי
און איבער דעם, פֿאַרן מקובל,
פֿון רוחניות אויסגעשפּונען,
וועט דאָרט שימערן דער בוידעם?

פֿון וועלכע ציגל? כאָטש דערזען אַן איינציקן, אַ קענטיקן.

פֿאַרנעמען ציגל ווי די יונגע טרערן מיַינע שטראָמען
און איינער איז מגלה: איך וועל וואַרעמען זיַין היים.
און דעמאָלט מיט אַ קאַרשנצוויַיגל איך פֿאַרקריץ מיַין נאָמען
אין אויסדערוויילטן ציגל, אין זיַין ציטער־צאַרטן ליים.

ו

פֿון רעכטס אויף לינקס,
פֿון רעכטס אויף לינקס —
דער קעניג פֿערד
אין זיפּצנדיקן עיגול.
די ליימגרוב ווערט ניט אויסגעשעפּט.
קאַפּאַבל איז די רויטע ליימגרוב
אָנצופלאָדיען ציגל
פֿאַר זיבן שטעט.
געגליכן צו אַ ברונעם,
וואָס דאָרשטיקע פֿון זיבן שטעט
חלילה וועלן אויסטרינקען
זײַן קוואַלנדיקן שפּיגל.

און אויפֿן טראָן פֿון קעניג פֿערד —
אַ צווייטער, אַ פֿאַררעטער,
צוזאַמען מיט פּירפּיסיקע
און הירזשענדיקע געטער.

איך זאָג צום יונג
וואָס וואַרפֿט דעם ליים אין טאַטשקע:
— איך זע דו ביסט אַן אַדלמאַן
און האָסט אַ בליק אַ מילדן,
טאָ האָב רחמנות אויפֿן קעניג פֿערד
און לאָז די גרודעס ליים אים דרייען אָט אַזוי:
פֿאַרקערט —

פֿון לינקס אויף רעכטס,
פֿון לינקס אויף רעכטס.
באַקומסט דערפֿאַר אַ קײַלעכדיקן גילדן.

מײַן אָפּגעשפּאָרטן גילדן כאַפּט ער צו
געשווינד־געשווינדער.
מקיים איז ער אָבער ניט מײַן האַרציקע בקשה,
דער גולם־קאָפּ און רשע:
— אַז וואָס די נפֿקא־מינה אים, דער פֿערד איז דאָך אַ ב ל י נ ד ע ר!

ז

און אפֿשר מאַכט גאָר טורליקעס
פֿון מיר
דער גאַנצער ענין?
און אפֿשר אַ פֿאַרבלענדעניש
געטאָן האָט מיך פֿאַרמיניען?
פֿון וואַנען בין איך זיכער ו ו ע ר
ס'וועט ווינען אויפֿן בנין?

אין וועלכן ספֿר פּראַלניק שטייט געשריבן,
אַז דווקא אַ מקובל?
און אפֿשר גאָר אַ שלאַק
אַ פּיפּערנאָטער,
פּיפּערטאָטער?
און אפֿשר גאָר אַ גזלן מיט אַ זשאַווערדיקער האַק?

בין ווערט אַ וואַזשנעם פּאַטש אין באַק
סע זאָלן פֿליִען פֿונקען
פֿון דאַנען ביז דער גרינער בריק
און טאַקע אויף צוריק,
וואָס איך אַליין האָב אײַנגעקריצט מײַן נאָמען
אין כּישופֿדיקן ציגל.

באַגינען וועקט מיך אויף אַ שטעפּערײַ פֿון צאָן־אָן־צאָן.
און מיטן ערשטן רויטל אינעם קאַם פֿון שוואַרצן האָן
איך פֿלי צו דער ציגעלניע מיט געליימטע, שווערע פֿליגל
צו ראַטעווען אַבֿרהמען.

ח

אַלע ציגל זענען דאָ. וואַרעמען געשמאַק די ביינער.
אַלע: ניין, עס פֿעלט דער ציגל מיט מײַן נאָמען. ער בלויז איינער.

אײַנגעמויערט וועל איך ווערן אין דער וואַנט פֿון אַ מחבל.
אַלע ציגל אויסצוקוילען בין איך איצט קאַפּאַבל.

איכ׳ל זיי צעטרעטן. איכ׳ל זיי צעקאָסען.
זאָלן זיי ניט לאַכן פֿון די טרערן פֿון אַ יתום.

זאָלן זיי פֿאַרוואַנדלען זיך אין ליים, אין זייער חומר,
אפֿשר וועט מיר דעמאָלט ווערן לײַכטער און גערוימער.

שײַקע שוידערט פֿון מײַן גבֿורה: איך בין ריזיק און געשפּאַנט.
— מילא, זאָגט ער, זײַ מײַן תּלמיד, זײַ מײַן רעכטע האַנט.

ט

מע טאָר ניט שווערן. אַז מע וואָלט געטאָרט, איך וואָלט געשוואָרן
בײַם אַרבע־כּנפֿות צי בײַ דער מזוזה:
— מײַן פּוס וועט מער ניט זײַן אויף דער ציגעלניע! נאָר דער צאָרן
צעגייט ווי טוי אין זון, ווען דינקע, וואָס איר טאַטן רופֿט מען זוזע,
וויל דווקא נאָר, מעג דונערן און רעגענען,
אויף דער ציגעלניע זיך מיט מיר באַגעגענען:
פֿאַרבענקט זיך נאָך די מאַלינעס אין יענע שאָרסטקע קוסטן,
אַוווּ די ערד איז וואַרעם נאָך מיט דינקען פֿון אַנוסטן,
פֿאַרבענקט זיך נאָכן באַרנבוים דעם הפֿקרדיקן, לאָמען,
וואָס אָן אַ טרייסל וואַרפֿט ער זײַנע זויער־זיסע בערנעלעך,
און אויך נאָך מיר מסתּמא (אָדער ווי זי זאָגט: מיסטאָמען).

און איך האָב אָן־מסתּמא ליב דעם נאָמען
דינקע, דינקע.
נאָך מער: די בלויע קוועקזילבערלעך מאַניענדיקע, פֿלינקע,
און מער פֿון זיי: דעם פֿײַערדיקן זײַד פֿון אירע הערנערלעך.

אַז דינקע וואָלט מיך בעטן שפּרינגען פֿונעם קאַטעדראַל —
געשפּרונגען וואָלט איך ווען זי איז נאָר אונטן.
אַ גוטינקע אַזאַ און אָן אַ גאַל.
און מיט אַ שלייף אַ מאָנבלומיקן, בונטן,
ווו אירע צעפּלעך טיילן זיך פֿונאַנד ווי בלאָנדע פּיס,
האַרצרײַסנדיק, און האָבן ניט קיין גרונטן.

מיט זומערשפּרינקלעך וואַרעמע, סײַ זומער סײַ אין פֿרעסט,
ווי דורכגעזיפּטער שטויב פֿון ברוינעם פּעפּער,
וואָס גיבן צו אַ צופּנדיקן טעם און דו פֿאַרגעסט,
למשל, צי ס׳איז הייס צי קאַלט. זיי גיבן אַ פֿאַרשלעפּער.

נאָר זינט איר טאַטע זוזע דער אַפּטייקער, ימח שמו,
דערזעט בײַ דינקעס קליינער ליפּ אַ ביס צי בלויז אַ ביסל,

פֿאַרשלאָסן האַלט ער זי ווי הינטער גלאָז אַ סלאָי
מיט יאָד.
בפֿרט ווען דינקע איז געוואָרן איבערנאַכט אַ פֿרוי —
אַזוי דערציילט זי מיר בסוד,
און לאַכט פֿאַרשײַט און הוידעט מיטן פּיסל.

דעריבער שפּילן מיר אַ ליבע ווען ס'איז בלוי
און ליכטיק.
אַלמאַי זאָל זוזע ווערן מיר אַ וויסטער שׂונא? ריכטיק.
באַגעגענען זיך ביידע ווען עס גייט די זון זיך באָדן
און טוט זיך אויס אַ וואָלקנדל און לאָזט אים אויפֿן באָדן.

דער קאָפּ איז הײַנט ניט מײַנער. כ'וויס ניט וועמעס. און איך יאָג
אַרונטער דעם ציגעלניע־באַרג צו אָנקומען דער ערשטער,
אַז לענגער זאָל זיך ציִען דער סוף־זומערדיקער טאָג,
פֿון אונדזער ליבע, ניט פֿון הינט און חושך, אַ באַהערשטער.

נאָר דינקע כאַפּט מיר אויס די מיצווה. צווישן גרויען פלאַנקען
און גליִענדיקע מאַלינעס, דערזע איך שוין איר קלייד:
מסתּם געלייענט פֿריִער מײַנע ערלעכע געדאַנקען.
איך פֿיל: דער ציגל אין מײַן מוח איז אַ ציגל פֿרייד
מײַן קעניגרײַך צו בויען. פלוצעם הער איך אַ יללה
און פעך און שוועבל אויף מײַן קאָפּ און סמאָלע,
אַז קוים צו גלייבן: קומען פֿון אַ מענטשנמויל די רייד?

וואָסי? ווּ ברענט? עס ברענט שוין איינמאָל! דער,
אין ליימגרוב מיט דער לאָפּעטע, וואָס וואַרפֿט דעם ליים אין **וועגל,**
דערלאַנגט עס לשון: אומשולד מײַנער, קום נאָר, קום אַהער — —
עס פּאַסט מיר ניט פֿאַר דינקען און איך שפּאַן צו זײַנע נעגל.

אַן אָפּגעשונדענער, און ווי טאָלאָטשקע דער באַנדיט,
פֿאַרמעסט ער זיך צו אונטערקירצן מײַנע שטאָלצע טריט.
פֿון זײַנע גרינע אויגענעס דערלאַנגט אַ זעץ
אַ פֿײַער:

— אַ פֿערד איז דער וואָס פֿאָלגט אַ זשערעבעץ,
דײַן גילדן קאָסט מיר טײַער. טײַער. טײַער.

געשטאָכן ווי אַ האָבער האָט דײַן גילדן מײַן געוויסן,
דערבײַ געקלערט: קאָן זײַן, דער ייִנגל עצהט עפּעס רעכטס,
טאָ לאָמיר אויסדרייען דעם פֿערד ווי האָסט געוואָלט: פֿון לינקס אויף רעכטס
און זאָל ער וויסן, אַז איך פֿיל זײַן דאָליע, זאָל ער וויסן.

ער האָט געשטעלט זיך דיבאָם פֿון הנאה. און די ראָד
געדרייט אַזוי ווי גאָרניט אין זײַן שטייגער.
אַ ווײַלע שפּעטער — זע, מיר אָפּגעצאָלט פֿאַרן גענאָד.
קום נענטער, זעסט?
— איך זע, איך זע: דער קעניג פֿערד — אַ פּגר.

י

איך שוויַיג פֿון היץ מיט זיך אַליין אַ שמועס
און טרערנבלאָזן ציִען זיך פֿון מיר מיט מיר צוזאַמען:
— אין זיַין אַפּטייק ניטאָ פֿאַר דיַין נשמה קיין רפֿואות.
— פֿון וועלכע קריַיטער זאָל איך מישן היילנדיקע סמען?
— פֿון זשוקעס. מאַלינעס. מקובל. בוידעם.
פֿון דינקע. הערנערלעך. ציגעלניע. ציגל.
— דערציילן דינקען? — בעסער טאָן בלא יודעים.
— און וואָס איז מיטן קעניג פֿערד אין עיגול?
— מע זאָגט אַפֿילו, ס׳דרייט זיך אַלץ אַרום דער זון די ערד.
— אַ גילדן איז צו ווינציק זי זאָל דרייען זיך פֿאַרקערט.

1969

## משה באַסין

א

אַרייַנגעשוועבט אין מיר האָט משה באַסין ווי אַ פֿלעדערמויז,
אין לאַנגען, שוואַרצן מאַנטל ביז די פּיאַטעס.
אַליין און ווי אַ טאָפּעלער. און מייַדן מייַדט אים יעדער אויס,
אַזוי ווי ער —
דעם דונערבליק זייַן טאַטעס.

אַ טאַטע אָן אַ שמייכל. מיט אַ פֿייַער אַ זיגזאַגישן
אין לינקן אויג. דאָס רעכטע איז פֿון גלאָז
און שנייַדט נאָך שאַרפֿער.
און מורד איז דער זון אין האַרבן טאַטן אין תּרי״גישן,
און בלויז אַ בלייַער און פּאַפּיר
באַדאַרף ער.

וווּ נעכטיקט משה באַסין? וווּ עס נעכטיקן די שלענג,
אין היילן און בייַ וואַסערן.
אין שטוב איז ענג.
אין האַרץ איז ענג.
אין צונג וווּ ס׳נאָדלען ווערטער איז אים ענג.
און זאָל מען פֿאַרן גיהנום אים פֿאַרמסרן!

דער שוואַרצער מאַנטל, אַ ירושה פֿון אַ שוואַרצן זיידן,
פֿאַרבייַט אַ העמד, אַ קאָלדרע און אַ שעניק.
אַזוי פֿיל מאַנטלצויטן! ער האָט ליב מיט זיי צו ריידן.
די לעצטע שוואַרצע קנעפּ
איז משה באַסין ווידערשפּעניק.

ב

עס ברענען שוין די יאָרצײַטליכט. זײַן טאַטע אין אַ קיטל.
און ער — אַ באָרוועסער בײַם שוועל. צו זיך אַליין מיט ביטול.
אין לאַנגן, שוואַרצן מאַנטל. אָן אַ היטל.

זײַן פּנים — ווײַסער הפקר־ביין פֿון זון צעזויגן. אָדער
אַ הויפֿן אויסגעזידטער קאַלך. און בלויז אַ בלויער אָדער
צעווישן שלייף און קינבאַק האַלט אין שלאָגן: מאָן און פֿאָדער!

ס'פֿאַרקיטלען זיך פֿון אים אַלץ העכער־העכער די מתפּללים.
זיי זענען מיט די נאַקנס די האַרטנעקיקע מחלל אים.
אַ פֿרעמדער בייגט ער זיך בײַם שוועל מיט דערנערדיקע האָר.

דער הויכער משה באַסין בלײַבט אַ גאַנצע נאַכט אַ נידעריקער
בײַ צוגעהאַקטער טיר. און דעמאָלט וויינט ער אַ כּל־נדריקער:
— איך בין אַליין אַ יאָרצײַטליכט און ברען שוין אַכצן יאָר.

ג

„שוין בעסער זיַין אַ פֿישעלע
און שווימען, שווימען, שווימען".

ווּהין, פּאָעט? צו וועלכן דנאָ
געלוסט זיך דיר דערשווימען?

„שוין בעסער זיַין אַ פֿישעלע
און שווימען, שווימען, שווימען".

ד

פֿאַראַן אַ ווונדערמענטש אין שטאָט, אַזאַ וועט ניט אַנטווישן.
אַ נאָמען פּונקט ווי זײַנער: משה. וועט ער גיין צו משהן.
פֿון זינט ער האָט פֿאַרזוכט דעם קלאַנג פֿון משה קולבאַקס „רײַסן"
זוכט משה באַסין תּמיד אַן אָקאַזיע
באַגעגענען אים. הערן.
מע זאָגט, ער איז אַ לערער אין אַ ייִדישער גימנאַזיע.
אָ, זײַן אַ תּלמיד פֿונעם צווייטן משה וואָלט ער גערן.

די ריפּן זענען קייטן. ס'וועט זײַן האַרץ זיי ניט צערײַסן.
כאָטש ווער קאָן וויסן: טרעפּ און טרעפּ און טרעפּ.
נאָר אָט איז שוין די קליאַמקע וווּ עס ווינט דער בעל־ה„רײַסן",
עס וועלן פֿאַלן קלעפּ און קלעפּ און קלעפּ.

דער אַנדער משה עפֿנט אים די טיר. און מיט אַ שמייכל
פֿון שוואַרצן דימענט: יונגער־מאַן, אַרײַן.
אַ פּיצל חדר. און אַ לאָמפּ אויף קעראָסין צי ווײַן?
און משה באַסין קומט אַרײַן אין היכל.

דער אַנדער משה ציט אַרויס אַ וואַרעמען כּתבֿ־יד
פֿון משה באַסינס בוזעם. און אַ בייג זיך און אַ לייען.
אַ קלאַפּ אין פּלייצע גיט ער אים: איר זענט שוין אויף אַ לאַד.
ס'איז צוגעקומען, ווילנע, אַ פּאָעט אין דײַנע רייען.

דערנאָך — אַ צווייטן קלאַפּ אין פּלייצע: יונגער־מאַן, אַ מענטש
קאָן ווערן אויך אַ פֿישעלע און שווימען,
דערקעגן קאָן אַ פֿיש ניט זײַן קיין מענטש. איז דאָס אַ סימן:
שוין בעסער זײַן אַ מענטש און אין געדאַנקען שווימען, שווימען.

ה

דער טײַך איז גלאַט. קאָליר פֿון הערינג. זילבערלעכע שופּן.
ער גייט און קומט צוריק צו זיך אַליין, צו זיך אַליין,
ווי ס׳וואָלט זיך דרייען אונטער אים די זון.
מע קאָן אַזש ציילן
באַזונדער יעדער כוואַליע בײַם פֿאַרהאַלטן זיך אין גאַנג
בכדי זיך אָנצוקוויקן מיט אַן עפּלבוים בײַם טײַכברעג.

און מיר, די ייִנגלעך,
אויסגעטאָן,
און אויסגעטאָן פֿון עול,
מיר שלײַען זיך אַרום בײַם ברעג
און וואַרפֿן פּליטקע שטיינדלעך,
וואָס קוים זיי רירן אָן מיט זייער שנעל דעם וואַסער־צאַפּל,
און שפּרינגען אָפּ אַ דרײַ־פֿיר מאָל,
ווי בײַכעלעך פֿון שוואַלבן.

און פּלוצעם — פּליוך.
אַ פֿלעדערמענטש מיט לאַנגע, שוואַרצע פּאָלעס
דערלאַנגט אַ שפּרונג פֿון גרינער בריק אין וואַסער
און ס׳ווערט געשפּאָלטן אין זײַן גאָרער לענג
דער גלאַטער טײַך
צוזאַמען מיט דער זון אויף זײַן געלעגער.

די שוואַרצע פּאָלעס וויאָסלעווען מיט מענטשישן באַוווסטזײַן.
פֿאַרזינקען. פּאַטשן אָפּ אַ כוואַליע. רודערן אַרויף
צעשפּריצטע שטיקלעך זון. די ייִנגלעך וואַרפֿן זיך אין וואַסער

אַנטקעגן. לייגן קלאַפּטער. מאַכן בלעזלדיקע נורקעס·
ביז עמעץ שלעפּט אַרויס אַ מענטשן פֿאַר אַ שוואַרצער פּאָלע.
די גרינע בריק איז אָנגעהאַנגען מיט אַ שורה קעפּלעך,
ווי פֿייגל אָנגעפּיקעוועט אויף טעלעגראַפֿן־דראָטן.

צו שפּעט.
אַן אויסגעצויגענער אויף סאַמעטענעם זאַמד
און אַלץ אין שוואַרצן מאַנטל,
דערטרונקען, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ דערטרונקענעם באמת,
ער. ער. ס'איז משה באַסין.

אַ וואַקלדיקער, אָנגעלענט אָן סוקעוואַטן שטעקן,
די פֿינגער איינגעקלאַמערטע אין פּײַן אַרום דער גאַלקע
אַלטזילבערנער פֿון זיקנה,
דערנענטערט זיך צום טויטן זון, דער טאַטע.

אַ וואַקלדיקער בלײַבט ער שטיין צוקאָפּנס פֿון בן־יחיד
און פֿילט, ווי ס'דרעשט פֿון אים אַרויס דער שטעקן
אַלע ווערטער·
און בלויז אַ טרער פֿון לינקן אויג בלײַבט הענגען. פֿונעם רעכטן,
פֿון גלעזערנעם, —
אַ שקיעה־רויטער זידנדיקער טראָפּן.

אוןביידע טרערן זעען: פֿון אַ קעשענע בײַ משהן
אַ בינטל ווײַסע בלעטלעך שטעקט אַרויס, ווי זײַן נשמה.
דער איינציקער, פֿון זײַנע אַכצן יאָר, פֿאַרקריצטער סימן:

„שוין בעסער זײַן אַ פֿישעלע
און שווימען, שווימען, שווימען".

מײַ, 1969

## לידער־סעריעס :

דאָס אויג פֿון דער נשמה
וויינט מיט בילדער
פֿײַערשטיינדלעך
אָטעם־צו־אָטעם

# דאָס אויג פֿון דער נשמה
# ווײַנט מיט בילדער

*

דאָס אויג פֿון דער נשמה וויינט מיט בילדער,
פֿאַר זיך אַליין ווי פֿאַר אַ צווייטן,
פֿאַר אַ צווייטן ווי פֿאַר זיך אַליין.
דאָס אויג פֿון דער נשמה וויינט מיט בילדער,
ווי זונפֿאַרגאַנג מיט וואָלקנס:
ווו און ווען זיך פֿאַרטרויען?

איך האָב פֿאַרברענט מײַן שרײַבטיש. אַ בזיון
צו בייגן זיך פֿאַר האָלץ, און אים פֿאַרביטן אויף אַ ווילדער
גערויגל־נאַכט אין מידבר, בײַ אַן אָדלער אין געצעלט,
ווו ס'אויג פֿון דער נשמה וויינט מיט בילדער
ערשטמאָליקע, וואָס מאָנען: שילדער, שילדער
פֿאַר זיך אַליין, ווי פֿאַר אַ צווייטער וועלט.

1968

# די רייד פֿון אָנגופֿיקן

זאָגט צו מיר בלחש דער אָנגופֿיקער:
יעדער תּקופֿה שטײַגט צו מיר און פֿאַלט.
מענטשנקינד, ביסט אויך אַזאַ, אַ תּקופֿיקער,
נײַגעריק צום ווינט פֿון מײַן געשטאַלט.

בעסער — ווי אַן איילבערטבוים פֿילצווײַגעוודיק
שלאָגן אַלטע צווײַגן זיך אַליין;
בעסער — צו דײַן אייגנוועלט זײַ נײַגעריק,
אַז דײַן אָטעם זאָל ניט סתּם פֿאַרגיין.

ווערטער קאָנען ווערטער פֿאַרמשוגענען.
האַלבער טאָג און העלקייט איז מײַן סוד.
בעסער זאָלסט להבֿא זיך באַנוגענען
מיט אַ שטילער שעה און טוי פֿון גנאָד.

1968

## לאַנד פֿון מײַנע קינדער

אַזאַ מין שלאָף האָב איך שוין ניט געהאַט אַ האַלבע אייביקייט.
אַזאַ מין שלאָף קומט נאָר צו גאַסט פֿון אינגעווייד אין קופּער.
צי בין איך דען פֿאַרוואַנדלט אין אַ בינשטאָק?
עמעץ, פֿיל איך,
געוועלטיקט אין מײַן לײַב און ציט אַרויס אַ הענגל האָניק.

ערשט דעמאָלט ווען דער מאָרגן־שטערן,
בלוי ווי ער אַליין,
האָט אָנגערופֿן מיך בײַם נאָמען און איך האָב דערשפּירט
אַ חילוק צווישן האַרצקלאַפּ און מײַן הירשלדיקן שאָטן,
באַנומען האָב איך, אַז אין שלאָף איז מיר אַ ריפּ פֿאַרשוווּנדן.

פֿאַרשוווּנדן איז אַ ריפּ פֿון מײַנע ריפּן.
פֿאַרשטאָפּט איר אָרט מיט ווערטער האָט מײַן האַר,
וואָס רײַסן זיך פֿון זיגל אויף די ליפּן.
און מיר אַנטקעגן, פֿון מײַן ריפּ, האָט ער געבויט, מײַן האַר,
אַ לאַנד,
אַ מאָרגן־שטערן־לאַנד,
באַשטימט פֿאַר מײַנע קינדער.

1968

## צווייַג מיט לעצטע קאַרשן

דאָרטן ווו ס'איז מער ניטאָ מייַן היים, ניטאָ מייַן מאַמע,
דאָרטן איז מייַן בלויע היים און דאָרטן איז מייַן מאַמע.

אפשר לעבט נאָך עמעץ וואָס געדענקט איר פּנים. אפשר.
צווישן קופּערנע סקאָרפּיאָנען וועל איך גיין אים זוכן.

אליהו וועל איך יענעם רופֿן. אליהו.
יענעם אויסדערוויילטן וואָס געדענקט מייַן מאַמעס פּנים.

קושן וועל איך זייַנע פֿיס און בעטן: אליהו,
אינעם זכות פֿון מייַנע וווּנדן — אָטעם־אויס איר פּנים.

בלויז אַ ווייַלע. אויב עס איז צו לאַנג: אַ האַלבע ווייַלע.
מיטן רעשט פֿון מייַנע יאָרן בין איך גרייט צו צאָלן.

אוי, ווי צו אַ צווייַג מיט לעצטע קאַרשן דורך אַ נעפּל
וועל איך זיך דערנענטערן און מורא האָבן נענטער.

פֿרעגן וועל איך אין דער האַלבער ווייַלע: זאָג מיר, מאַמע,
האָט געקאָנט דיר קוקן דער באַשעפֿער אין די אויגן?

1968

# קופערנע עכאָס

קופערנע עכאָס. אין זייערע שפורן
ציִען זיך זאַמדיקע שטערן. וווּהין?
צווישן די קופערנע פֿעלדזן אין מידבר
וווּהין זיי פֿאַרשווינדן.

איך גיי נאָך די שפורן פֿון שטערן,
וואָס גייען
אין שפורן פֿון קופערנע עכאָס און ווערן
פֿאַרשלונגען אין תהומיקן מויל פֿון אַ פֿעלדז.

צי האָט זיך פֿאַר מיר ווי דער ים־סוף געשפּאָלטן
אַ קופערנער פֿעלדז,
איך זאָל קאָנען אַריבער
פֿון ד ע ר וועלט אין יענער?

פֿאַרשלונגען די שטערן. די קופערנע טענער.
פֿאַרקלונגען די שפורן.
איך הער ווי עס אָטעמט אין טיפֿעניש גאָט,
בײַם קנעטן אין קופער
פֿון קופער
סקולפּטורן.

1968

## סוד פֿון באַשאַף

כ׳האָב מורא,
זאָגט די פֿרוי אין מידבר,
ס׳קאָן אונדז נאָך דער פֿאַלק,
דער פֿליִענדיקער שוואַרצער פֿאַלק,
פֿאַרמסרן.

— ווען די פֿרוי וואָלט ניט מורא געהאַט
פֿאַרן סוד פֿון באַשאַף
אין דער פֿינצטער,
וואָלט דער מאַן אויך ניט מורא געהאַט
פֿאַרן סוד פֿון באַשאַף
אין דער פֿינצטער,
און ס׳וואָלט דער באַשעפֿער אַליין
אַ ציטער געטאָן
פֿאַר זײַן ליכט.

1969

# פּאַרשפּעטיקט

אין אויסגעלאָשנקייט פֿון מידבר
לעשן זיך די חושים.
ס'גענענט צו מיר אַ מידבריש געוויין.
איך פֿרעג:
— ווער ביסטו?
אויב דו, געוויין, ביסט דאָרשטיק
איז מײַן לאָגל אָן אַ טראָפּן.

און ס'ענטפֿערט מיר ס'געוויין
קול־דממה־דקיש:
— בן־אָדם, כ'בין דער אות דער דרײַ און צוואַנציקסטער
פֿון אַלף־בית,
דער אות דער ניט־געבוירענער וואָס וויל געבוירן ווערן.
איך וואָגל דאָ אין מידבר, זינט עס האָט אין זעלבן מידבר
באַשאַפֿן מײַנע ברידער צוויי און צוואַנציק
דער אַלמאַכטיקער.
בן־אָדם, ס'פֿעלט מיר אַ נשמה.
שענק מיר דײַנע.
דײַנע,
און כ'וועל געבוירן ווערן און וועל אייביק דיר געטרײַ זײַן.

אַלמאַי האָב איך געטראַכט אַ האַלבע רגע און —
פּאַרשפּעטיקט?

1969

## אין טאָל פֿון בן־הנום

אַ קעסלגרוב שטילקייט פֿאַרגייט מיט אַ דינעם
שפּעטנאַכטיקן יאָמער אין טאָל פֿון בן־הנום.

איך נידער אַראָפּ צווישן גרויע לישײַעס
צום אײנציקן פֿלעמל און זײַנע העוויות:

אַ שולכל. אַ זקן מיט אַש אויף די לאָקן.
— וואָס יאָמערט אַ ייִד? — קום איך נענטער צום זקן.

— מע האָט שוין פֿאַרגעסן, דור הולך, דור הולך,
און דאָ האָט מען קינדער פֿאַרברענט פֿאַרן מולך.

— צוריק אַזוי לאַנג. און פֿאַר מיר אין די אויגן
זיי האָבן געברענט ווי באַצונדענע סטויגן.

— פֿאַר זיי זענען עדות נאָך דאָ און באַווײַנער,
פֿאַר יענע בלויז אײנער זאָגט קדיש. איך אײנער.

1968

# דער מענטש פֿון הונדערט טויזנט יאָר

דער מענטש פֿון הונדערט טויזנט יאָר פֿון ראָקפֿעלער־מוזיי,
דער „כּרמל־מענטש", ווי ס'האָבן אויף דער עלטער
אַ נאָמען אים געגעבן זײַנע וויסנדיקע אייניקלעך,
דער מענטש וואָס ווײנט אין אַ געבײַ פֿון גלאָז,
אַזוי ווי אַ הײַנטצײַטיקער אין ריאָ דע זשאַנייראָ —
ער האָט אויף מיר געטאָן אַ בליק מיט קאָסמישן ירגזון.

דער מענטש האָט מיטן שוואַרצן דימענט פֿון די שאַרבן־היילן
צעשניטן די פֿאַרגאַנגענהייט. און וואָס איז דער סך־הכּל?
צעשטויבטע ביינער. שטויב. און ווידער שטויב.
— דו מענטש פֿון הונדערט טויזנט יאָר — האָב איך צו אים געטענהט,
באַווײַז מיר כאָטש דעם קערן פֿונעם שטויב,
דעם ערשטן קערן,
און איך וועל שלאָגן זיך על־חטא פֿאַר אַלע מײַנע זינד,
וואָס דרײַ מאָל טעגלעך בין איך זיי מקיים.

דער בליק האָט מיך באַגלייט אַהיים פֿון פֿרײַ־ירושלים.

אַנשטאָט אַן ענטפֿער האָבן קינדער,
זינגענדיקע פֿײַלן,
אַ שניט געטאָן פֿון באַרג צו באַרג די געגנט,
צום צילקרײַז פֿון דער זון.

בײַ נאַכט איז ער געקומען שוין ווי אַ לבֿנה־גייער
צו מיר צו גאַסט, און טאַקע דורכן פֿענצטער,
מיט זעלבן בליק נאָר ליכטיקער אַ האָר,
דער „כּרמל־מענטש" פֿון הונדערט טויזנט יאָר.

זײַן רעכטע האַנט, פֿון צפֿון־פּאָל נאָך קעלטער,
האָט בײַם באַריר זיך זילבערדיק צעזאָדן אויף מײַן שטערן:
— דערשרעק זיך ניט. איך בין געקומען הערן.
דו ביסט פֿון מיר מיט הונדערט טויזנט יאָר, דערציילט מען, עלטער.

1968

## גלאַדיאָלעס אויף שבת

אַן אייזעלע פֿירט אין אַ וואָגן גלאַדיאָלעס אויף שבת.
אַ תּימנער האָפּקעט אויף אים און ער זוכט זײַנע קונים: גלאַדיאָלעס אויף שבת!
דאָס אייזעלע ווייס יעדן פֿרײַטיק זײַן דרך
און פֿירט די גלאַדיאָלעס אויף שבת
מיט גרויס דרך־
ארץ.

נאָר הײַנטיקער פֿרײַטיק איז גאָר ניט דער זעלבער
פֿון העט־פֿאַראַכטאָגן.
דער באָקסענער בלומען־פֿאַרקויפֿער פֿון תּימן
דערקענט ניט די שטאָט און דערקענט ניט די היימען:
אַפֿילו די זון איז געבויגן און קאָסע.
און פּוסט איז די גאַס. אָן גלאַדיאָלעס
וועט בלײַבן די שבת־מלכּתא.

נאָר פלוצעם — די גאַס איז ניט הפֿקר.
עס קומען
חילות, חילות.
דער תּימנער שענקט זיי די איידעלע צמחים צום פֿראָנט,
אַז דער שבת זאָל האָבן הנאה פֿון זײַנע גלאַדיאָלעס.

1968

## באָרוועס

מיר האָבן זיך אויסגעטאָן באָרוועס
אין מיטן דער היציקער שטאָט.
און אויסגעזען טאַקע ווי נאָר־וואָס
געבוירן אויף הפֿקרס באַראָט.

און וואָלט מען מיט זעלבער געשווינדהייט
אויך אויסטאָן געקענט אויף אַ ווײַל
געדאַנקען פֿון זייערע שווערע שטיוואַלעס —
וואָלט לײַכט געווען טויזנטער מײַל
אַ באָרוועסן שפּרונג טאָן אין קינדהייט.

1968

## מײַן פֿאַנצער

װי ס׳װאַרפֿט פֿון זיך דער מידבר־יאָזש
די װײַס־און־שװאַרצע פֿײַלן
אין לײדיקן
פֿאַטאַ־מאָרגאַניש מאַניענדיקן קײַלעך,
אַזױ, אין װאָגל צו דײַן פּנים, פֿײַל איך
אַרױס די טעג און נעכט פֿון מײַן געביין,
צעשלײַדער זײ אױף מײַלן,
כּדי זיך צו פֿאַרטײדיקן
פֿון טױט:
פֿון זיך אַלײן.

1968

## דער מאָלצייַט

אַזוי ווי מע בענקט נאָך אַ יוגנט־געליבטער
אויף יענער זייַט ים און אויף יענער זייַט לעבן,
און ס׳דאַכט: זי איז איצטער די זעלבע ווי דעמאָלט,
אַזוי האָט מיך פּלוצעם אַ צי געטאָן צום
זאָאָלאָגישן גאָרטן.
צום שוואַן אויף דער אָזערע.

שוין לאַנג אַז איך האָב מיטן זילבערנעם גייַסט זיך געזעגנט?
איך ווייס ניט.
אין צווישנצייַט זענען שפּיטאָלן
באַלעגערט געוואָרן מיט ווונדן, ווי ס׳וואָלטן
מאַרסיאַנער באַפֿאַלן אַן ערדישע פֿעסטונג.
אין צווישנצייַט האָבן אויך זייַדוועדעם
פֿלייַסיק
פֿאַרהוילן געשפּונען אַלטמאָדישע בגדים,
אָן־קעשענעס־לאַנגע.

צעקנייטשט און דערשטיקט און אין פּורפּורנע ריסן,
אַזוי ווי אַ חופּה־נאַכט־לייַלעך באַגינען,
באַשאָטן מיט קרעלן פֿון זומער
געצוקט האָט די אָזערע.

דער שוואַן איז דאָרט מער ניט געווען. אַנשטאָט אים איז געשטאַנען
בייַם ליידיקן וואַסער דער באָרוועסער שומר
(אַ ייִד פֿון חבש
מיט אַ פּנים פֿון גלי־בלויע קוילן אין אַש)
און אַזוי מיר דערציילט האָט דער שומר:

— דער שוואַן איז געשטאָרבן פֿון בענקשאַפֿט.
זייַן שוואַנענליד — ווי זאָל איך מאָלן די קלאַנגען?
צי האָסטו געהערט ווען אַ פֿידל אין גסיסה?
זייַן שוואַנענליד — ס׳איז גאָר ניטאָ אַזאַ פּענע
צו קאָנען באַשרייַבן. ווילסט הערן? לייג צו צו מייַן האַרצן דייַן אויער.

און איך האָב געהערט און געזען: אין זייַן האַרץ איז געשווומען דער שוואַן,
און אין מייַן — דער קאַפּויער,
און הינטער דער אָזערע האָט זיך באַלעקט מיטן מאָלצייַט אַן אַלטע היענע.

1968

## פֿאַלנדיק וואַסער

„פֿאַלנדיק וואַסער פֿאַרמאָגט ניט קיין טיפֿקייט" —
האָב איך געהערט פֿון אַ שייך אין דימונה.

אָבער ווען ס'פֿאַלט; ווען עס פֿאַלט קאָן זײַן טיפֿקייט,
זאָג איך שוין ווײַטער,
דערטרינקען אַ טײַך און אין טײַך די לבֿנה.

פֿאַל פֿון די בערג,
מײַן אַנטליִענע צײַט,
ווי אַ רעגן.
פֿאַל פֿון די בערג מיט דײַן קינדהייט־מוזיק
מיר אַנטקעגן,
איידער דו שענקסט זיך צוריק
דײַן אַנטלײַער.

פֿאַל ווי אַ וואַסער,
איידער איך שטײַג ווי אַ פֿײַער.

פֿאַל פֿון די בערג
ווי אַ פֿלייציקער שפּיגל,
וואָס האָט שוין געזען
ביזן דנאָ פֿון זײַן ראיה.
איידער דײַן האַר לאָזט אַרונטער זײַן וויִע
און ביסט שוין ניט מער
פֿאַראַיאָרן
און הײַיאָר.

פֿאַל ווי אַ וואַסער,
איידער איך שטײַג ווי אַ פֿײַער.

1968

## „איך בין פֿון זעלבן ליים וואָס דו, נאָר מיט אַן אַנדער הויט"

ס׳האָט עמעץ מיר געבראַכט אַ בריוו. צוריקאַדרעס ניטאָ.
אַנשטאָט אַ נאָמען, לייען איך:
„דײַן אייביקער קאָלעגע".

זײַן שריפֿט — אַרויף, אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ,
ווי לעבעדיקע פּאַסיקלעך דורך גלי פֿון מיקראָסקאָפּ,
אינזיכיקע און גרויליק אומבאַקאַנטע.
איך וואָלט זיך ניט געוווּנדערט ווען איך זע דעם נאָמען דאַנטע.

און בלויז איין שורה איז געבליבן לענגער,
ווען ס׳האָט אַ גאַלאַגאַנסקער האָן
(קאָן זײַן, דער פּאָטשטאַליאָן)
אַ צונד געטאָן מיט ערשטן קריי די ווײַנטרויבן פֿון פלויט:
„איך בין פֿון זעלבן ליים וואָס דו, נאָר מיט אַן אַנדער הויט".

אין חלום האָט שוין קעניגלעך געבלויט.
— ווער ביסטו? ווער האָט דיר געשריבן? וווּ איז, בריוו, דײַן שיקער?
און אפֿשר ביסטו אָפּיום, אַז דײַן פֿרײַנד זאָל ווערן שיכּור?
„איך בין פֿון זעלבן ליים וואָס דו, נאָר מיט אַן אַנדער הויט".

און וואָלט איך דעמאָלט בלײַבן נאָך אַ רגע
אין חלום ווו ס׳האָט קעניגלעך געבלויט,
קאָן זייער זײַן, איך וואָלט געוווּסט ווער איז ער, מײַן קאָלעגע,
און אויך דעם זינען פֿון דער שורה וואָס ער האָט פֿאַרטרויט:
„איך בין פֿון זעלבן ליים וואָס דו, נאָר מיט אַן אַנדער הויט".

1968

## פּאָרטרעט

ווי חיים סוטינס אַ געמעל פֿון הענגענדיקן פֿלייש,
באַלויכטן מיט אַ גילדענעם, יענוועלטיקן גענאָד,
אַזוי האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר מיר דאָס לעצטע מאָל מאַקס בראָד,
פֿאַרטונקלט אין זײַן אַלטער דירה אויף רחוב הירדן —
דער נאָמען פֿון זײַן גאַס, וואָס איז געווען פֿאַר אים דער ירדן.

די שלייקעס אויף זײַן העמד מיט קורצע אַרבל
געהאַלטן האָבן אים געפֿאַנגען אין די שוואַרצע קייטן
פֿון גאַליליי.
נאָר צווישן זיי דער הויקער אויפֿן פּלייצע האָט מיט גלאָריע
געהויבן זיך, ווי זײַן אַליין־געבויטער מאָנומענט.
און פּראָג און קאַפֿקאַ האָבן זיך געלאַשטשעט אויף די ווענט.

און פּלוצעם האָט ער אויסגעצויגן בענטשנדיקע הענט,
גענישטערט צווישן ביכער און אַרויסגעקנײַפּט אַ בוך
אין שלאַנגענהויט געבונדן,
פֿון אים געלייענט אויסנווייניק האָפּמאַנסטאַלס אַ סטראָפֿע.

ס'האָט אָנגעסטראָיעט אויערלעך דאָס קעצל אויף דער סאָפֿע.

און ווי ער לייענט, ערשט עס יאָגט פֿון אים אַ מחנה טרערן,
אַ פֿרילינג־רעגן פֿון די אויגן־וואָלקנדלעך וואָס ווערן
אַלץ ייִנגער, בלויער.
די אותיות גיבן אַ דערוואַך פֿון שטויביקער אַליינקייט,
פֿון געלן טרויער,
אין זײַנע פּראָגער אָפּגעשיידטע הענט.

— איך קאָן ניט אַנדערש,
מענטשנקינד,
אַזוי באַגריס איך שיינקייט — —

און ס'וואַרפֿט אַ שאָטן זײַן אַליין־געבויטער מאָנומענט.

1969

## תּפֿילה פֿון פֿיש

די תּפֿילה בײַ נאַכט פֿון די פֿיש אין כּנרת
לאָזט מיך ניט שלאָפֿן,
לאָזט מיך ניט וואַכן.
די תּפֿילה בײַ נאַכט פֿון די פֿיש אין כּנרת
אַנטקעגן גראַניטענע קנייטשן פֿון הויכע תּנכן.

אָפּגרונטיק שווימט מײַן געהער צו די פֿיש אין כּנרת.
זיי שרײַען.
אַליין, מיט אַ האָרן צעווישן די אויגן,
וואַנדערט אַ פֿיש אַ פֿאַרטריבענער:
ק י ן.

1970

## די ברכה

אַן אימה האָט געחלפּט קעגן היישעריק פון בליקן:
דער שׂונא צירקלט שטאָט נאָך שטאָט. ניטאָ מער קיין צוריקן.
זעקסיעריקע פון קינדער־גאָרטנס טראָגן זעק מיט זעמדער,
מע גרייט אַליין, פאַר באַלדיקע הרוגים, ווייַסע העמדער.
דערווייַל איז דאָ אַ צווישנצייַט, עס לעבן די הרוגים,
נאָר ס׳בלאָזט מיט אַש דער אַשמדאַי, ס׳איז אַלץ נאָך ניט גענוג אים.

באַנומען פון זייַן ייִאוש איז אַ פּראָסטער חי־וקים
געקומען דעמאָלט צו ר׳ אַריהן אין ירושלים.
דער אַלקער האָט געלויכטן פונעם טליתדיק פאַרהילטן.
וואָס וויל אַ ייִד? ר׳ אַריה זאָל דעם שׂונא איצט פאַרשילטן.
צעהעשעט האָט זיך אַזש דער אורח קושנדיק זייַן פאָלע:
— ר׳ אַריה, ס׳קאָן אונדז העלפן בלויז אַ קללה, אייַער קללה.

— צי בין איך בלעם? אָסור אויב געשאָלטן כ׳האָב אַ מענטשן —
געענטפערט האָט ר׳ אַריה: שאַ. איך וועל דעם שׂונא בענטשן.
איך בענטש אים, יאָ: נו, זאָל דער שׂונא אין זייַן גאַנצער גדולה
דערלעבן גאָר בקרוב אונדזער אמתע גאולה.
צעהעשעט האָט זיך נאָך אַ מאָל דער גאַסט, נאָר אומדערשראָקן...
און ס׳איז געשען ווי ס׳האָט געבענטשט דער זקן.

1969

## אַ גוטער טאָג

אַ גוטער טאָג. און איך בין דאָ ניט שולדיק:
צעווישן גרויע פֿלעקענער פֿון פלויט,
ווי דורך אַ פֿענצטער —
אַ שעמעוודיקער מילגרוים.
איין־און־איינציקער, אויף חידוש.

דאָס פנימל אין זונליכט מיטן דינעם צעפּל אויבן —
אַ ברכה נאָר צו מאַכן בײַם פֿאַרזוכן מיטן בליק.

אַ פּויער מיט אַ גראַבליע אויף דער פּלייצע גייט פֿאַרבײַ,
צוריק אַהיים פֿון פּילנעווען
זײַן טאָג.
זײַן ערד.
זײַן גאָרטן.
ער גייט פֿאַרבײַ און מיט אַ פּשטות וואָס איך בין מקנא,
געפֿינט ער באַלד אַ שלמותדיקע פֿאָרעם ווי אַזוי
דעם צוקנדיקן מילגרוים צו באַוווּנדערן:
פֿאַרנייגט זיך, און אַ צי־אַראָפּ די הוט
מיט ברייטע ראַנדן.

צי האָט ער אויך געזען ווי ס'האָט אַן אַנדערער
אין מילגרוים
באַשאַפֿן אויגן, בלויע, מיניאַטורע?

פֿון אַלע שורות — נײַגעריקער איז די לעצטע שורה.

1968

## אין זכות פֿון אַ ניגון

צום אַכציקסטן געבוירן־טאָג פֿון זלמן שזר

דערציייל מיר דעם סוד און אַנטפּלעק מיר דעם שטויב
פֿון שטעטעלע שטויבץ אין דער ליטע, אַ דרויב,
אַז פֿון דאָרט איז דערהויבן געוואָרן אַ נשיא
צום ייִדישן לויב.

פֿאַרטראָגן דעם שטויב האָט אַ ווײַנטרויבן־ווינט פֿון גן־עדן,
מיט גוטע כּוונות, מע זאָל זיי בעתיד באַשיידן,
אַ פֿאַרתּהילימטער שטורעם פֿון ירושלים —
פֿאַרטראָגן געוואָרן פֿון ביידן.

און דאָרטן אין שטעטעלע, ווי אין דער נעסט פֿון אַ טויב,
געצויגן אַ קינד האָט צו מלכות און הויכן דערהויב,
אינעם זכות פֿון אַ ניגון, אין זכות פֿון די ערשטע
פֿאַרטאָגיקע שטערן אין שויב.

פֿאַרטאָגיקע שטערן. אַ לייטער. זיי בענטשן אים: קלעטער,
זיי זאַלבן דעם ייִנגל שוין דעמאָלט אויף שפּעטער, אויף שפּעטער,
(און איך זע ווי פֿון שטעטעלע שיקט אים אַ ברכה
זײַן רבי — מײַן פֿאָרכטיקער פֿעטער).

אַ יום־טובֿ אין ירושלים. אַ ליב און אַ לויב.
עס קומט דער פֿאַרתּהילימטער שטורעם אַהיים פֿון זײַן שטויב.
און עס ציטערן ווידער די בלויע, די יונגע
פֿאַרטאָגיקע שטערן אין שויב.

עלפֿטן נאָוועמבער 1969

## ירושלימער נאַכטליד

אַלע יידנאָויגן,
האָט געזאָגט דער ווילנער גאון,
הענגען תּמיד איבער זייער היים :
ירושלים.

אונטער הענגענדיקע אויגן שפּרייַז איך,
צייַט און שטח אייניקן אויף ס'נייַ זיך.

מירטן־ריח. מירטן. פּולע בינטלען.
איבער זיי די יידנאָויגן פינטלען.

סאַראַ היימיש נאָגנדיקער קטורת.
אָטעמען אַרייַן אין מיר די דורות ?

אינעווייניק אין די שטיינער וואַקסן
קליינע פליגל. זייַ צו זיי דערוואַקסן.

הענגענדיקע אויגן און פּאַרטרויטע
סייַ פון לעבעדיקע סייַ פון טויטע.

אונטער זייער הערשאַפט איז געסימנט
אויך מייַן זעונג אין אַ שייַן פון דימענט.

אונטער זיי האָט יעדער ווונד אַ זינען :
ס'איז אַ שטאָך פון קעניגין פון בינען.

ס'פאַלט אַ נאַסער שטערן פון אַ וויִע —
דאָרטן וווּ ער פאַלט איז באַרג מוריה.

1969

*

פֿײַערשטײַנדלעך,
שטיקלעך זון געבוירענע אין אויוון
אונטער אַש, ווי אונטער שניי פֿון ווינטערדיקן האָלץ,
פֿײַערשטײַנדלעך,
זוניקע מזלות, וואָס געפּשרט
האָט מיט אײַך מײַן מאַמע,
ערבֿ פּסח,
טאַנצנדיק פֿאַרכאַפּטע גאָפּל־מעסער פֿון מצרים,
ערשטן פֿרילינג־וואָלקן און די בלויקייט פֿון אַ כּוס —
פֿײַערשטײַנדלעך,
פֿײַערשטײַנדלעך,
כּשרט מײַנע ווערטער.

1969

## טאָפּעלער אויטאָפּאָרטרעט

פֿאַראַן אַ פֿלאַמינגאָ, דערציילט די לעגענדע,
און יעדער לעגענדע איז וואָר,
דערלאַנג דער פֿלאַמינגאָ אַן עמערל מילך
מיט וואַסער געמישט —
וועט זי אויסזופּן בלויז
דאָס מילך,
אויפֿן דנאָ וועט פֿאַרבלײַבן דאָס וואַסער.

אַ טאָפּעלן אויטאָפּאָרטרעט וויל איך מאָלן:
אין מיר אַ פֿלאַמינגאָ,
אין מיר אַ פֿלאַמינגאָ.
די פֿיס ביזן מילכוועג אין וואַסער, אין פֿײַער,
דער שנאָבל
באַצויגן מיט מויל. און זי זופּט אַזוי וויל,
זופּט־אויס מײַנע ווערטער
און אָפּשײַן פֿון קלאַנגען און פֿאַרבן,
אַז בלײַבן זאָל בלויז אויפֿן דנאָ, אין אַ ליידיקער שעה,
אַ דערשראָקענער שאַרבן.

1969

## באַחרית הימים

אַ טיגער מיט אַלף־בית־פֿלעקן, אַ נאַכטיגאַל איבער אַ קראַטער,
דאָס מענטשלעכע וואָרט וועלן הערן פֿון קעלער, פֿון בוידעם.
אויף אַקסלען פֿון שטיין וועלן אָנוואַקסן פֿליגל און לאַכן אין זוניקן פֿלאַטער,
אַ שטערן וועט אָפּרייַסן זיך פֿון דער נאַכט און אַ פֿאַל טאָן, צו אָנקומען קודם.

פֿאַרזונקענער שאַרבן אין ים. אַן אַכסניא פֿאַר פערל. דערלאַנגען
וועט עמעץ אַ הייב מיט די פערל צוזאַמען פֿון תהום אים.
און ברענגען דעם שאַרבן צו קעלער און בוידעם, צו מענטשלעכע
ווערטער און קלאַנגען :
אַזוי וועט געשען מיט דער דיכטונג באַחרית הימים.

1969

## דער יתום

אָ, לעבן, לעבן. האָדעווען אין זיך דעם טויט און שיכּור
הנאה האָבן. ס'וואָלט געווען פֿון מיר אַ משוגעת
אַרויסצוטרײַבן פֿון דער ברוסט אַ יתום אויפֿן גאַס:
צערײַסן קאָן אים נאָך אַ הונט אויף שטיקער.

— הנאה האָבן? ווער האָט דיר דערלויבט אַזוינס דערלעבן?
דער עץ־החיים וויל ניט מען זאָל אָפּשאָקלען זײַן פּרוכט.

— מײַן אייגענער דערוויז:
„קיין אַנדער לעבן האָב איך ניט פֿאַרזוכט — —".

ספּעקטאַקל, ווײַטער: האָדעווען אין זיך דעם טויט און — לעבן.

1969

## פּראָזאַישע רייד וועגן פֿרײַנדשאַפֿט

כ׳פֿאָדער ניט עס זאָל דײַן פֿרײַנדשאַפֿט קלאַפּן ווי אַן אָדער —
ווינציקער, באַשיידענער איז מײַן פֿאַרלאַנג: איך פֿאָדער,
צווישן טרער און טרער זאָל תּמיד זײַן די בריק אַ ניגון.
אָפּדאַרן זײַן וואָרט זאָל יענעם, ווען דאָס וואָרט איז ליגן.
לאָמיר אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט אויף דער עלטער ניט באַדויערן,
זאָלן ווערטער קאָנען גלײַך זיך קוקן אין די אויערן.

1969

## סימנים

באַוויַיז אַ סימן אַז איך בין דיַין סימן,
פֿאַרוואַנדלט וועל איך ווערן אין אַ הימען.

אַ סימן אַז איך בין דיַין אויסדערוויילטער
און מיַינע פֿאַלנדיקע בלעטער היילט ער.

באַוויַיז אַ סימן אין אַ בין וואָס זשומעט
ביַים זוכן רויטן האָניק פֿאַרן אומעט.

אַ סימן אַז עס טוט דיר ווי מיַין גראָ זיַין
און טוליעסט מיַינע פֿיס אין וויכן גראָז איַין.

איך זוך דיַין קול פֿון ערשטן בלוי באַגינען,
אַז אויך דער לעצטער אָטעם האָט אַ זינען.

אַ פּיקהאָלץ פּיקט אין בוים. טאָ שיק אַ פּיקער,
וואָס זאָל אין מיר אַריַינפּיקן דעם עיקר.

מיַין שיַיכות מיטן בליץ און מיטן וואָרעם
און מיטן ים, געצויגן פֿון דיַין אָרעם.

ער קומט צום ברעג און וויל צוריק ניט שווימען.
באַוויַיז אַ סימן. ווי זיַין שוים אַ סימן.

באַוויַיז אַ סימן, אַז אין דיַין זכּרון
געבליבן איז אַ רויז פֿון מיר דעם דאָרן.

געבליבן איז אַן איינציק בילד פֿון אַלע
דערזעונגען וואָס דו ביסט מיר מגלה.

1968

## פֿייערלעשער

פֿײַערלעשער זענען מיך באַפֿאַלן שפּעט בײַ נאַכט,
ווי ספּריטנע אַקראָבאַטן
אין אַ צירק,
אויף לאַנגע לייטערס,
געשווינד אַרויפֿגעשאָסענע צו מיר
צום זעקסטן גאָרן.

פֿײַערלעשער.
טײַכן אויף די אַקסלען.
העק און העלמען.
רײַסן שטיקער פֿלייש פֿון מײַנע אומשולדיקע ווענט.
ס'פּלאַצט אַ שפּיגל. צאָלט מיר אָפּ אַ חובֿ: אַ שטיקל פּנים.
לאָמען.
שטראָמען.
ס'וואַקלען זיך די זײַלן פֿון דער לופֿט.
אונטן שטייען מענטשן
מיט אַן אויסגעשפּרייטער נעץ.
ליאַרעמען,
— זיי האָבן שוואַכע הערצער —
איך זאָל זיך גלײַך דערבאַרעמען
און שפּרינגען.

און איך, אויף זעקסטן גאָרן,
אין אַ קעניגלעכער פּאָזע,
לייען גאָר אַ דיכטער פֿונעם דרײַצעטן יאָרהונדערט
און בין פֿאַרוווּנדערט,
אַלמאַי די פֿײַערלעשער זענען
באַפֿאַלן מיך בײַ נאַכט
מיט העק און העלמען און מיט העזה,
און מיט אַ ברען זיי לאָזן מיך ניט ברענען.

1970

## אויסגעהאַקטע ביימער

וואָס וויינסטו, קינד? מיר גייען דאָך צום וואַלד.
איך וועל דיר קויפֿן אַ נשמה וואָסערע ווערסט וועלן,
אַ שענערע, אַ פּאַסיקערע פֿון אַ בייַטשל קרעלן.
וואָס וויינסטו, קינד? זי וועט דיר זיכער פּאַסן צום געשטאַלט.

— מיר זענען דאָך שוין לאַנג אין וואַלד, נאָר זוכן זייַנע שוועלן,
פֿון צו פֿיל אויסגעהאַקטע ביימער זעט מען ניט דעם וואַלד.

1969

## יענוועלטיק לשון

איך וועל זיך היינט ניט וווּנדערן. דער וווּנדער איז געוואָרן
רעאַל
ווי ברויט מיט גאַל
אין אויסגעהונגערטן זכּרון.

איך וועל זיך היינט ניט וווּנדערן, ווען דאָ אין פֿרויען־מענער־וועלט,
אַוווּ איך זוך אַן אָנהאַלט, אַ פּאַרענטש,
וועט אָנקלאַפּן אין טיר אַ נייַער מענטש:
דער ערשטער לעבעדיקער מענטש פֿון יענער־וועלט.

1970

## שפּיטאָלשויבן לויכטן אין חצות קעגן מײַנע

שפּיטאָלשויבן לויכטן אין חצות קעגן מײַנע.
די גאַס צווישן אונדז איז אַ שטיינערנע פּויסט
קעגן פאַלשער אידיליע
פון חצות.
און אפשר גאָר ברענען
פאַרבלאָנדזשעטע שיפן,
אַזאַ עסקאַדריליע
מיט שיפן
אין חצות?

אָ, שווערער פון ים זענען שיפן
געצונדן אין חצות.
פון פײַער אין וואַסער,
אין פײַער פון וואַסער
אומניסימדיק טרינקט זיך
מאַטראַס נאָך מאַטראָס.

פאָעטן, עסטעטן, ווערעטן,
געליבטע אין לײַביקע בעטן,
דערוועגט איר זיך האַלטן
די טיר אויפן שלאָס?

און איר, מתים,
אייביקע פייגל
פון שוואַרצע בית־עלמין־אַלעען אין חצות —

קענט איר ניט וואַרפֿן אַ בייגל
דעם לעצטן מאַטראָס?
טרייסלט דעם טראָן פֿון דער אַלמאַכט
און זײַן בעל־הבית,
גרייכן אַהין זאָל אַצינד אײַער צאָרן און טענה.

שפּיטאָלשויבן לויכטן אין חצות
קעגן מײַנע.

1970

## שטיינערנע פּירות

איך האָב געזען אַ בוים וואָס קיינער
פֿון לעבעדיקע האָט נאָך ניט געזען אים.
אַזוי האָט מיר פֿאַרזיכערט אַ באָטאַניקער:

אויף זײַנע גרינע צווײַגן הענגען שטיינער,
און יעדער שטיין — אַ גיהנום
אַ וווּלקאַניקער.

דערציילן וועל איך דיר בסוד אין האַלבן אויער: זינט,
נאָך טויזנט הונגעריאָרן, כ'בין פֿאַרזונקען
אין יענע פּירות פֿונעם בוים, אין זייער זאַפֿט וואָס רינט,
איך זויג אַרויס פֿון הענגענדיקע שטיינער
פֿונקען.
פֿונקען.

1969

## אַ שנירל בליצן

אויף יונגע ווייכע פֿיסלעך
פֿון אַ פֿערדעלע־אָן־פּאָדקעוועס
יאָגט אַ בלאָנדער פֿרילינג־רעגן
איבער מײַנע אַקסלען.

טײַערע, אַנטלויף ניט אין אַ פֿרעמדן קאָרידאָר,
באַהאַלט זיך ניט אין וואַקלדיקער פֿעסטונג.
דאָס יאָגט דיך ניט אין פֿינצטערניש
אַ גזלן מיט אַ מעסער.
דער פֿרילינג־רעגן וויל דיך בלויז אַ קוש טאָן
און אָנטאָן אויף דײַן האַלדז
אַ שנירל בליצן.

1969

## אָפּגעהאַקטער אָטעם

אומזעעוודיק און אומגעשטאַלטיק איז די לופֿט. נאָר אירע
אומזעעוודיקע אויגן זעען, ווי עס הייבט זיך, פֿאַלט,
אַ בלאַט.
אַ מענטש.
אַ וואָרט.
זי איז אַ רואה־ואינו־ניראה.
און בלויז דער גוסס, מיט זײַן האַלבער טרער, ווי דורך אַ שפּאַלט,
אַ רגע זעט איר אמתע געשטאַלט
מיט אַלע פּרטים.

דערציילן וויל ער אַז — — נאָר דעמאָלט פֿעלט אים שוין איר אָטעם.

1969

## נזיריש פנים

נזיריש פנים. איינגעשטילטע קנייטשן. ווי אַ וואַסער
ווו אָקערשט האָט זיך איינגעשטילט דער שטורעם אַן אין־כּעסער
און ס'הוידעט זיך אַ ווייַסער זעגל מיט דער שכינה אייניק.
נאָר, גאָט מייַנער, וואָס טוט זיך אינעווייניק?

איך קלער אַזוי: אַז איך זאָל איצטער טוקן
מייַן אויג אין דעם־אָ פּנים — איז מסוכּן.
אַכיבע שלייַדערן אַ וואָרט, אַז אונטער די לישייַעס
צעקוויפּן זאָלן זיך די אונטערוואַסערדיקע חיות.

1969

## דרײַצן פֿרויען

באַגעגנט האָב איך דרײַצן יונגע טראַגעדיקע פֿרויען
און קיינעם ניט פֿון זייערע פֿאַרהאָרעוועטע מענער.
ווו זענען זיי? זיי זענען זיכער ניט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.
ס'באַגייען דאָך ניט דרײַצן מענער שותּפֿותדיקן זעלבסטמאָרד.
און אַלע דרײַצן זענען אויך ניט אויפֿן שלאַכטפֿעלד, ניין.
צעווישן טויזנטער אין גאַס איך וויל דערקענען איינעם
און זאָגן אים אַ מאָרגנדיקן מזל־טובֿ —
אומזיסט.

איך ווייס, אַ מאַן וואָס טראָגט אַ רינג איז ניט אַ חכם דווקא,
נאָר ס'מוז דאָך זײַן אַ וואָרצייכן, אַ סימן בײַ אַ מאַן,
אַז ניט נאָר זי איז טראָגעדיק,
נאָר אויך אַז ער איז טראָגעדיק.

1969

## ליד וועגן צוויי אַנדערע

די נאַקעטקייט האָטביידן מער צעשיידט ווי די מלבושים,
פֿאַרזיווגטע צופֿוסנס ביַי דעם ראַנד פֿון שמאָלן בעט,
ווי ס'וואָלט צו זיי פֿאַרדונגען זיך די נאַכט פֿון ליַיב און ליבע
און ניט צו די, וואָס האָבן זיי פֿאַרשיַיט און אומגעדולדיק
אַראָפּגעשלאַנגט פֿון זיך און מיט די הוילע פֿיס דערוויַיטערט.

צי זענען זיי געווען אויף די מלבושים אייפֿערזיכטיק?
די וואַכע קליידער האָבן זיך געפֿאַלדעוועט אין איינעם
אַ גאַנצע נאַכט.
פֿונאַנדערגטן האָט זיי ניט געקענט דער מאָרגן־שטערן.

ביז ענדלעך האָט די קליינע זי אַ שטיף געטאָן אַזוי:
דערבאַרעם זיך, ניט לייקן, ס'איז דער אמת מער ווי ליבע,
דו זעסט אין מיר אַן אַנדערע, וואָס אירע ליפּן שווימען
אַצינד ביַי דיר אין מויל־אַקוואַריום זיס און אונטערטעניק.
און אמת איז, מיַין פֿריַינד, אַז אויך אין דיר איך זע אַ צווייטן — —

און ער האָט איר געענטפֿערט: איז באַשערט אַזאַ מין שעה מיר,
טאָ לאָמיר זיך פֿאַרוואַנדלען אין די אַנדערע. און לאָמיר
צוזאַמען, ביזן לעצטן בליק, די אַנדערע באַגלייטן.

1969

## ספנות

אַזוי פֿיל ספנות גרייט צו דער מחבל.
און אָן אַ סכּנה זיי זענען קאַפּאַבל

דײַן טרער צו פֿאַרלעשן, די לעצטע פֿון טרערן —
בײַם זוכן אַן אוצר בײַ נאַכט אַ לאַמטערן:

סכּנה, ווען ס'לויפֿט דיר פֿאַרבײַ די אַלעע
אַ קאַץ ווי אַ שאָטן און האָסט ניט קיין דעה.

סכּנה בײַם ווײַן: האָט ניט עמעץ אין קריגל
אַרײַנגעטאָן סם פֿאַר די אויגן פֿון שפּיגל?

סכּנה אַ בריוו צו דערהאַלטן, אים נעמען
און הערן דעם האַרצקלאַפּ: איז דאָ נאָך פֿון וועמען?

און אויף אַ לוויה איז דאָ אַ סכּנה:
צי וועט דיך ניט ציִען דײַן חבֿרס אַלמנה?

פֿאַראַן אַ סכּנה געהיימער פֿון אַלע:
אין חלום ווערט פּלוצעם אַ ליגנער נתגלה,

דער זעלבער וואָס האַלט דיך גאָר אונטערן אָרעם.
און אויפֿגעוואַכט — זעסטו אַ טרער בײַ אַ וואָרעם.

1969

## די פֿליג

אַ פֿליג אין חלום. זײַ אַ בריה
און מיט אַ שטעקן טרײַב דעם אומעט.
נאָר באַלד נעמט שפּילן די מיסטעריע,
אַ צייכן ווײַזט די פֿליג און זשומעט:

„מיט קאָפּ־אַרויף און האַלטסט אין פֿאַלן,
און איך קאָן טאַנצן אויף דער סטעליע.
נאָר ביסטו נאָכטאָן מיר אַ בעלן,
איז אויס מיט דיר און דײַן קאַפּעליע".

און אַז איך זאָל זיך איבערצײַגן
באמת ווער ס'איז דאָ דער קענער:
מיט קאָפּ־אַראָפּ זי ווײַזט איר שטײַגן
און איך נעם פֿאַלן קליין און קלענער.

1968

## איך פֿרעג און ענטפֿער

צי גלייב איך אין דער אייביקייט
באַשייַמפּערלעך ?
כּל־זמן כ׳האָב צייַט צו אָטעמען און גלייבן,
איז גלייב איך אין דער אייביקייט
באַשייַמפּערלעך.

און שפּעטער ?

און שפּעטער וועט די אייביקייט
שוין גלייבן
אין מיר אַליין. עס וועלן אירע לייבן
דעריאָגן מער ניט קאָנען מייַנע טעג :
אַ סטאַדע אַנטילאָפּן.

צי גלייב איך אין דער אייביקייט ?
אָט לאַכט זי מיר צוקאָפּן.

1968

## צום ליבלינג

דו ליבלינג מײַנער, אויסדערװיילטער מיטן זאַלב פֿון האָרן,
איז אַלץ װאָס איז פֿון דיר געבליבן דאָ אויפֿן פּלאַנעט
אַ שריפֿט אין מײַנע הענט, װי גרויער זאַמד פֿון קרעמאַטאָריע?
דו ליבלינג מײַנער, מיטן זאַלב פֿון האָרן, דו פּאָעט,
איז אַלץ װאָס איז געבליבן פֿון דײַן קעניגרײַך, דײַן גלאָריע,
אַ שריפֿט אין מײַנע הענט און אַ קאַטאָװעס פֿון זכּרון?

איך פֿרעג, און צװישן דײַנע שורות טונקלט אַן אַלעע,
געשלאָסן האַנט־אין־האַנט מיר שפּאַנען אונטער אירע צװײַגן.
אַנטקעגן הענגט די זון אויף זיך אַליין װי אַ קמיע:
— געבליבן איז דאָס לעבן. און די פֿרײַנדשאַפֿט. לאָמיר שװײַגן.

1969

## כאָנקע *

א

„דאָס האַרץ מײַנס — אַ װוּנד און די ליבע איז יאָד".
אַװעק דער פּאָעט און די װוּנד איז געבליבן.
אױ, כאָנקע, די ליבע איז יאָד אָן גענאָד,
אױך זי איז געבליבן — דיך װײַטער צו ליבן.

דו האָסט נאָך געזאָגט אַז די ליבע איז יאָד
העט־העט, אײדער ס'האָט זי פֿאַרשלונגען די שׂינאה
און ס'האָט נאָך דײַן פּלױמענסאָד־כּלה בסוד
באַגאָסן מיט ראָסע דײַן בלאָנדע טשופּרינע.

אױ, כאָנקע, אױב טאַקע אַזאַ איז דער גזר,
װי שטאַרק איז די שׂינאה פֿון מענטש, װאָס אין אײנעם
איז טײַװל און מלאך און קניִער און האַר?
װי שטאַרק איז איר יאָד בײַ צװײפֿיסיקע שכנים?

ב

עס זענען געװען דײַנע אורחים בײַם טיש
אַלטמאָדישע הענער מיט גילדענע קאַמען.
אַ זינגפֿױגל האָט דיר געבראַכט אַ קלאַװיש
פֿאַרװאַנדלען דו זאָלסט זײַנע טרערן אין גראַמען.

און װען ביסט געלעגן בײַם האַרבסט אין שפּיטאָל
מיט רױטע נאַסטורצעס באַקרײנט און באַשאָטן —
דײַן שװעסטער די אָלכע זי האָט דיר פֿון טאָל
געבראַכט אַ מתּנה: איר אײנציקן שאָטן.

* אַזױ האָבן נאָענטע און חבֿרים הײמיש גערופֿן דעם פּאָעט פֿון
יונג־װילנע אלחנן װאָגלער.

נאָר ווען ס'האָבן טויבן געברענט אויפֿן דאַך
און לעשן זיי האָט ניט געוואָלט די ווילִיע,
צוזאַמען מיט דיר איז פֿאַרשוווּנדן דער שליאַך
און ס'האָט זיך געהאַנגען די אָלכע אין שקיעה.

ג

בײַם ייִדישן ים, ווו איך זיץ אויף אַ שטיין,
דערכוואַליעט צו מיר פֿונעם אַלטן מאָנמאַרטער
דײַן פּנים, ווי זותיות געשניטן אין ביין:
צי ביסטו נאָך עלנט, יעסעניניש-צאַרטער?

ווי גרויס איז געווען מײַן באַלוין און מײַן פֿרייד:
אַנטרונען איז כאָנקע פֿון טויט און זײַן שפּיצל.
אַזוי איז מײַן טרויער אַצינד אָן באַשייד.
וואָס ביסט ניט פֿון לעבן געוואָרן אויך ניצול.

אַז מיר האָבן פֿײַכט זיך צעקושט בײַ דער סען —
געבליבן בײַ מיר אויפֿן באַק איז אַ לאָנקע.
ס'האָט איינער אין צווייטן זײַן חלום דערזען,
און איצט איז צעבראָכן דער שפּיגל. אוי, כאָנקע.

אַפּריל 1969

# לויבליד

פֿאַר אַבוש ווערבער

אַ לויב און אַ הימען
איַיך, שטילע יחידים, געזאַלבטע באַגלייטער.
באַווינט איז מיַין מידבר מיט איַיערע שטימען,
געפֿלאָכטן מיט איַיערע אָרעמס — מיַין לייטער.

און שטיַיג איך און שטאַפּל
געהויבן פֿון איַיערע מוסקלען, און פֿאַל איך,
איז גוט מיר צו וויסן, אַז איַיער שוואַרצאַפּל
וויינט־אויס מיַין געראַנגל פֿון תּאווה און מלאך.

1969

## קליינע אימפּראָוויזאַציעס

1

לערנען מוראַשקעס צו שפּאַנען אין פּאָר,
שפּאַנען אין פּאָר,
קענסטו?
לערן אַזוי דייַנע ווערטער די קלענסטע:
לערן זיי, לערן
אַ יאָר נאָך אַ יאָר
צו שפּאַנען אין פּאָר,
שפּאַנען אין פּאָר,
וועלן זיי ווערן
אייביקע ווערטער.

2

פֿאַראַן איז נאָך אַ טאָג,
פֿאַראַן,
כאָטש ערגעץ וואַרפֿט אַ וואָלקנדל אויף אים
אַ שוואַרצע גרודע.
און אויפֿן אַנדער זייַט פֿון טאָג —
אויף אַנדער זייַט פֿון אָקעאַן:
אַ ליכטגעשטאַלט. וואָס גרייט זי פֿאַר אַ סעודה?

3

צוימען דעם צאָרן.
צוימען דעם צאָרן.
צוימען דעם צאָרן
וואָס יאָגט אין גאַלאָפּ,
האַסטיקער פֿון אַ משוגענעם פֿערד
באַרג אַראָפּ.

4

די פּײַכטע צעאַקערטע ערד
אָטעמט אײַן די נידעריקע שטערן
מיט אירע וואַכיקע
אָפֿענע
נאָזדרעס.

5

עס קוקן צוויי חבֿרים פֿון אַ באַרגשפּיץ אויף אַ פּליין:
אַ טײַכל שפּילט זיך ווי אַ קינד מיט מאַמעס בריסט. כאָטש נעם עס
אויף דלאָניע דײַנער. אײנער פֿרעגט: וואָס איז עס פֿאַר אַ חן?
זײַן חבֿר ענטפֿערט: ט'איז דער חן פֿון אמת.

6

פּלעיאַדן שטערן. יעדער זיפּט
אַרײַן זײַן פּנים צווישן בלעטער:
אַ מלאך גרייט אַ מאַנוסקריפּט,
וואָס איך וועל שרײַבן יאָרן שפּעטער.

7

אומבאַהאָלפֿענער, קלײנלעכער מענטש,
ביסט פֿאַר מיר די גרעסטע רעטעניש,
וואָס דווקא דו
קאָנסט באַשאַפֿן אַ מענטש.

8

ווערטער, ווערטער,
שוואַרצע פּיאַווקעס אָקערשט פֿון געפּריר,
צ׳ען אָפּ דאָס קראַנקע בלוט
פֿון היציקן פּאַפּיר.

9

אין מירמל, גראַניט און באַזאַלט
פֿאַרשווינדן געשטאַלט נאָך געשטאַלט.
אַן אָטעמל ווײנט צווישן גראָזן:
מײַן ליַב, מײַן ליַב, וואָס האָסטו מיך פֿאַרלאָזן?

10

נאָך אַ מאָל איך ווער געוויר עס,
בלײַבן וועט אַזוי אויף לאַנג:
ס׳זענען מיך באַפֿאַלן דורות,
ניט צו מיר געהערט מײַן גאַנג.

11

באַהאַלטן זיך ווו? אויף דעם שטײַבעלע ערד?
אַרום זענען שטערן, זיי וועלן געפֿינען.
זיי וועלן אַראָפּגיין צו דיר אויף דער ערד,
אַראָפּגיין פֿון זינען.

12

לאָמיר אונדזער ליבע
קעגנזײַטיק איבערצײַגן:
דו וועסט האַלטן וואָרט,
איך וועל האַלטן שווײַגן.

13

פֿאַרהיל מיך און הייל מיך
און האַרציק מיך אײַן:
אַ רעגן אַן איינציקן בוים
צווישן דיונעס.

14

איך שטיי בײַם דענקמאָל פֿון שעקספּיר,
דער שטורעם שפּילט פֿאַר אים טעאַטער.
אַן אומגעזעענער וואַמפּיר
זויגט־אויס מײַן צײַט און ווערט ניט זאַטער.

15

מיר שווימען. אַ קוואַל אויף אַ קוואַל.
און דער תּהום
ווערט ווײַטער און ווײַטער
פֿון אונדזער צוקאָפּנס.

16

אָ, דינע וואַקלדיקע ווענט,
איר זענט מײַן פֿעלדזיקע,
מײַן הויכע פֿעסטונג.

17

אַזוי מוראדיק שטיל,
אַז איך הער ווי עס גייען
די וואָלקנדלעך.

18

א

און ווער האָט געבוירן דעם טויט? בין טשיקאַווע.

ב

עס האָבן געבוירן אים אָדם און חווה.

ג

און קין דער זון האָט געהויבן אויף אים אַ בולאַווע.

19

מיר וועלן זיך באַגעגענען:
צוויי וואָרצלען אין דער ערד.

20

מײַנע אותיות ירשען מיך בײַם לעבן.
אמן סלה.

21

די זומערזון — די שטראַלנדיקע קראָפּעװע,
צעשטעכט מײַן לײַב מיט אירע זיסע נאָדלען.

22

און אַלץ װעט פֿאַרגײן און ס׳װעט בלײַבן
דער װײַניקער טעם פֿון פֿאַרגײן.

23

אױסשעפּן דעם זשאַר פֿון האַרצן,
אָנצינדן מיט דעם די װעלט.

24

זײַ ניט מקנא דעם קעניג
זײַן קעניגלעכע לװיה.

25

עס רופֿט אַ װאָרט פֿון מיטן ים:
ראַטעװע, איך טרינק זיך.

26

מײַן חיה די פּירפּיסיקע: דאָס בעט,
האָט זיך פֿאַרהײמישט.

27

בינעלע, בינעלע פּלאַטער,
די רויז איז דײַן פּסיכיאַטער.

28

פֿון אונדזער ליפּן־צוזאַמענשלאָף
איז געבוירן דאָס רײנסטע וואָרט.

1970 — 1968

## נאָך דער ערדציטערניש

נאָך דער ערדציטערניש איז דער ערשטער געקומען יופּיטער
זיך אַליין איבערצײַגן צי אויפגעטאָן האָט וואָס דער ציטער.
דורך אַ וואָלקן זײַן בליק איז געפאַלן פאַרשײַט און קאַסאַקע,
ווי צעטיילן ער וואָלט פאַר די מתים אומערדישע צדקה.
און די שטילקייט דערבײַ האָט געהערט ווי די שטילקייט ווערט שטילער:
נאָך דער ערדציטערניש איז דער צווייטער געקומען אַ טרילער.

און געשען איז אַזוי: ווען אויף טעלערס פון קאָסמישער וואָגשאָל
האָט אַריבערגעוווגן אַ גילדענער שטויב אויף דער טאָגשאָל,
און אויף אַנדערן טעלער דער טײַוול, וואָס האַלט זיך בײַם נאָפּל,
איז אַרײַן אין זײַן אייגענער נאַכט ווי אין סמאָלע אַ גאָפּל,
און בײַם פויגל געפלאַצט האָט דאָס האַרץ קעגן אַש פון יופּיטער —
האָט פאַרשריבן אין פּינקס די דאָזיקע שורות אַ דריטער:

אונדזער ערד איז אַ פרוי וואָס אַ פײַער פאַרלעשט ניט איר תּאווה,
אַ באַרוטע פון דרויסן, עס ציטערט איר אייפּערזוכט סײַ־ווי.
און איר אייפערזוכט איז ניט בלויז גילטיק אויף דעם צי אויף יענעם,
נאָר אויף בעטלער און קעניג און קנעכט וואָס זי האָט ניט געזען אים.
און זי וואַרפט זיי אַרויס פון איר ציטער־זכּרון, זיי זאָלן
אויב ניט לעבעדיק, בוקן זיך טויטע פאַר איר אין די טאָלן.

און ס'האָט ווײַטער פאַרשריבן אין פּינקס דער מאַן מיטן בלײַער:
נאָך דער ערדציטערניש איז געבליבן אַ שטרוי פון אַ שײַער.
און עס טראָגן דעם שטרוי צוויי מוראַשקעס, ווי ס'טראָגן אַ פּיאַנע
איבער טרעפּ צוויי אַטלעטן צום צימער אין בלוי, צו דער פאַנע.
איבער ציגל און שאַרבנס, אַלץ העכער, ווער לאָקט זיי מיט שמייכל?
פון געבליבענעם שטרוי וועט מען בויען דער מלכּה אַ היכל.

און דער מאַן האָט פאַרשריבן אין פּינקס און האָט זיך געזעגנט:
ס'זענען מער ניט געבליבן קיין ווערטער אין גאַנצענער געגנט.

1968

## באַריכט פֿון אַ נסיעה

אַ שיף האָט מיך אַראָפּגעגליטשט און
אָפּ.
אַראָפּגעגליטשט ווי פֿון אַ פֿעטן יאַטקעטיש און
אָפּ.
אַראָפּגעגליטשט אויף אומבאַקאַנטן אינדזל
מיט אינדאָנעזער, בורמער און מאַלייַער.
איך לויף ביז האַלדז אין וואַסער. שרייַ. וויל אָניאָגן די זינדיקע,
זי כאַפּן פֿאַרן צאָפּ
פֿון רויך און פֿייַער —
אומזיסט. ניטאָ די שיף. און ס'איז איר צאָפּ
פֿאַרוואַנדלט אין אַ צונג. ס'קומט אויס: די צונג באַווייַזט אַ צונג
דעם אָפּגענאַרט פֿאַראינדזלטן, וואָס וועט שוין מער ניט זען אַ
געליבטע. ניט אַ היימיש פּנים. ניט אַ ייִדיש בוך.
דערפֿילט האָב איך זיך ווי נאַפּאָלעאָן אויף סאַנט העלענאַ,
און ס'איז אויף מיר אַריבער אַ משונהדיקער סקרוך.

ס'פֿאַרשטייט דאָ קיינער ניט מייַן שפּראַך. ס'איז קעגנזייַטיק. מענטש, וווהין?
כ'דערזע אַ שילד: אַן אָנגעמאָלן ברויט. איך בעט אויף שטום־לשון אַ לעבל.
אַ קאַרליק מיט אַ פּנימל די גרייס פֿון אַ ציטרין
דערלאַנגט מיר אַנשטאָט ברויט אַ שלאַנג מיט זשיפּענדיקן שוועבל.

איך ווייַז דעם אַדרעס פֿון פּאָעט מאַטשאַיאָ,
דעם אַלבאַרימטן, וואָס די בלעטער ברענען מיט זייַן רום —
פֿאַרנייגט זיך טרויעריק דער שאָפֿער און ער טוט מיך פֿירן
אַ שעה און צווײ און דרייַ, און לאָזט מיך איבער אין אַן אָפּגרונט
ווי קרעציקע, מיט העמערלעך אין טעלערס פֿון מעטאַל
כּסדר קלאַפּן־קלינגען אַז מע זאָל זיך ניט דערנענטערן.

צוריק אין שטאָט —
איז מער ניטאָ די שטאָט, נאָר אַ געמיש

פֿון שטיקער נאַכט און ים און שטיין און ריח פֿון האַשיש.
נאָר ווו עס לאָזט די נאַכט אַ סימן איז פֿאַראַן אַ פֿרוי.
„זי וועט פֿאַרשטיין מײַן אומשפּראַך אויף דעם שוידער־אינדזל בעסער".

איך פֿרעג זי ווו עס וווינט דאָ בודאַ,
סאַקיאַ־מוני,
בודאַ.
זי ווײַזט מיר אויף איר דימענטענעם הויקערל: אַ קינד,
און ס'טאַנצט אַרויס פֿון איר די ז י אין שפּיגל פֿון אַ מעסער.

נאָר אַז איך לייג זיך שלאָפֿן און די ערד איז מײַן מאַטראַץ,
דערהער איך אַ באַקאַנטע שפּראַך: אַ מיאַוקע פֿון אַ קאַץ.
איך ענטפֿער איר אויף זעלבן לשון. זי — צוריק. איך — ווידער.
עס ריידן ניט אַזוי אינטים צוויי שוועסטער. חתן־כּלה. ברידער.
אַזאַ אוניווערסאַלער שמועס ווו איז נאָך פֿאַראַנען?
עס האָבן נאָך צוויי עלנטן זיך בעסער ניט פֿאַרשטאַנען.

1968

## טאַטויִרטע כוואַליע

אַ פֿעלדז אין ים:
אַ קדמונדיקער סקולפּטאָר
האָט אויסגעהאַקט פֿון ראָבקאָליר־גראַניט
פֿאַר זיך אַ פֿרוי
מיליאָנען יאָרן יונג. נאָר ס'איז געשען:
עס האָט אַ שטורעם
אַ ריס געטאָן פֿון אייפֿערזוכט אין תּהום אַרײַן
דעם קינסטלער,
ווען יענער האָט געהאַלטן שוין בײַם פֿורעמען איר שמייכל,
פֿאַרוואַנדלט זײַנע גלידער אין אַ ווימלעניש פֿון כוואַליעס.

מאַטראָס, דו מזלדיקער נאַר,
מע דאַרף ניט קיין לאָרנעטע:
געמוסקלטע זיי רײַסן זיך פֿון האָריזאָנט, אַהין —
צום ראָבקאָליר־גראַניט,
צו זייער פֿרוי
מיט בריסט אין וואַסער.

געוויין פֿון שוים.
געוויין פֿון מילך.
די ליפּן זענען טרוקן.

מאַטראָס, דו מזלדיקער נאַר מיט קלינגענדיקע ריפּן,
דערלאַנג אַ שפּרונג פֿון שיף אין ים, פֿיר ווײַטער דײַן באַטאַליע.
דערשווים צו איר. פֿאַרזיגל דײַנע ציין אין אירע ליפּן.
נקמה נעם פֿאַר אַלע כוואַליעס, טאַטויִרטע כוואַליע.

1970

## מיט דער בריק וואָס קאַפּויערט אין וואַסער

מיט דער בריק וואָס קאַפּויערט אין וואַסער
וועל איך ציִען צו דיר. זי איז איצטער מייַן בריק.
זאָלן אויבן מאַרשירן די הייליקע אָקסן,
אַן אָרקעסטער זאָל באַקסן.
איך וועל טוליען צום האַרצן מייַן האַרבסטיקן גליק:
מיט דער בריק וואָס קאַפּויערט אין וואַסער
וועל איך ציִען צו דיר. זי איז איצטער מייַן בריק.

דאָרטן איז נענטער דאָס הויז אויפֿן באַרג,
אַז מע קאָן מיט דער דלאָניע
דערגרייכן;
דאָרטן איז נענטער די ווייכע סימפֿאָניע
פֿון וואָלקנס וואָס וועלן באַלד רעגענען;
דאָרטן איז נענטער די פֿרוי אויפֿן באַרג
און זי גיט מיר אַ נאַקעטן צייכן:
מיר וועלן זיך אָטעם־צו־אָטעם
אין אָפּגרונט
באַגעגענען.

1969

## עקידת יצחק

רעמבראַנדט־אויסשטעלונג, אַמסטערדאַם

אַבֿרהמס לינקע האַנט איז אויפֿן פּנים
פֿון אויסדערוויילט געבונדענעם. ער זאָל ניט זען אין רעכטער,
אין אָנגעשאַרפֿטן אײַזן, דעם באַפֿעל־געבער און שעכטער.
נאָר ס׳זעט גאָר אין זײַן דרימל דער געבונדענער
דורך פֿאָטערס האַנט און אירע אײלבערט־וואָרצלען, אים אַנטקעגן,
מיט רוישנדיקע זאַנגען אויף די אַקסלען
און פֿליִענדיק אַלץ נעענטער: אַ מלאך צי אַ מיידל?

זײַן קני פֿאַרהייבט זיך ווי אַ פֿײַלן־בויגן ערבֿ אָפּשנעל
די פֿײַל.
ס׳פֿאַרכאַפּט אַ בליק אַן אַנדער בליק אין שפּילעוודיקן זיווג,
ווי ס׳וואָלט אַ טויב געשליפֿן זיך אַרײַנציִען אַ צווייטער
אין גליִענדיקן קרײַז פֿון גראָז און וואָלקנס.

אָ, קושן וויל דער זון דאָס מיידל וואָס די האַנט פֿאַרשטעלט.
אַ ראָזער נעפּל ווערט זײַן לײַב. און לײַביקער און גרעסער
געוועגט זײַן פֿרייד. זײַן איינציקייט. זײַן וועלט.
נאָר פּלוצעם — וויי: זי לעשט זיך. און עס פֿאַלט אַבֿרהמס מעסער.

1969

## דער מאָלער זאָגט

דער מאָלער זאָגט: כ'בין יונג, נאָר אַלט,
מײַן פּענדזל ענדיקט שוין דעם קרײַז.
פֿיניטאַ. — — און זײַן שמייכל שטראַלט:
אַ פֿרילינגזון אין צעפּל אײַז.

ער הערט אַ קול: ווען ס'קומט צוריק
דער קרײַז צום אָנהייב, איז דער קרײַז
אַ סימן דיר און אַ באַווײַז:
צוריק צו קינדהייט. איר מוזיק
איז אָנהייב פֿון אַ נײַעם קרײַז.

1969

## לעבעדיקער בריוו

מאַכט צו מיר דער מאָדערניסט אין אָוונט ביַי דער סענע,
מאַכט מיט זיַינע הענט וואָס האָבן צינגער אַנשטאָט פֿינגער:

— יעדער מאָל אַז כ'וואַרף אַריַין אַ לעבעדיקן בריוו
צווישן די געשמינקטע גאַסנליפּן פֿונעם קעסטל,
יענעם טאַקע וואָס מיר גייען איצטער אים פֿאַרביַי,
האָב איך אַלץ די זעלבע איבערלעבונג:
ניט קיין בריוו אַריַינגעוואָרפֿן האָב איך אינעווייניק,
ניַיערט זיך אַליין, אַן אויפֿגעקנייטשטן אין קאָנווערט.

מאָרגן־איבערמאָרגן וועט אַ יונגער פּאָטשטאַליאָן
גנעדיק מיך אַרויסציִען פֿון טאָרבע,
אָנקלאַפּן אין טיר אין דער פֿאַרבאָטענער: מאַדאַם — —

זי, אין טיגערנער פּיזשאַמע, וועט מיך מיטן מעסער
וועלכן זי באַנוצט אין קיך צו שניַידן פֿאַר איר מאַן
ס'פֿלייש וואָס ער האָט ליב — זי וועט מיך מיטן זעלבן מעסער
אויפֿשניַידן, אַרויסציִען פֿון הויטיקן קאָנווערט,
לייענען אַ שורה נאָך אַ שורה מיַין געצוקטן
אָדערן־געשריפֿטס; און מיט אַ הערשערישער מינע,
ווען ס'איז די טבֿע ביַים סאַדיזם פֿון איר מין,
אויסבײַטן מיַין ליבשאַפֿט אויף אַ צערטלעכקייט פֿון שׂינאה:
לעבעדיק מיך וואַרפֿן אין צעפֿלאַקערטן קאַמין.

1969

## ליבשאַפֿט

דערציייל מיר ווי דו האָסט באַהאַלטן
דײַן ליבשאַפֿט, אַז איך זע ניט, זע ניט.

— מײַן ציטערדיקע, ביסט גערעכט, איך וועל דערציילן, זע:
געזאָגט האָט נאָך דער חכם לאַאָ־טסע:
אַ בלעטל אויף אַ בוים איז צאַרט און שוואַך,
דעריבער איז דאָס בלעטל שטאַרק,
דעריבער איז עס אויבן —
אַ פֿלאַטער־מלכּה צווישן יונגע שטערן, אירע קנעכט.
נאָר וואָרצלען זענען האַרב און שטאַרק
מיט אָדערן פֿון קופּער
און לעמפּערט־לאַפּעס דאָרשטיקע נאָך מוסקלען פֿון אַ קוואַל —
דעריבער זענען וואָרצלען שוואַך,
דעריבער זענען וואָרצלען
באַהאַלטן אין אַ קעניגרײַך
ווי פֿינצטערניש איז ליכט,
בפֿרט נאָך ווען זיי היטן אין דער פֿינצטערניש
אַן אוצר.

1969

# מײַן שכן דיאַבאָליסימאָ

מײַן שכן דיאַבאָליסימאָ, דער קינסטלער־כּיראָמאַנט,
געבוירן פֿון אַ צענדליק מאַמעס גלײַכצײַטיק, אַנסאַמבל,
אין האָצעפּלאָץ־באַגדאַד־קאַלקוטע־סטאַמבול,
פֿאַרקנייטשט אַ ברעם און וואָגלט אין די קנייטשן פֿון מײַן האַנט:

— איך זע אַ ים. אַ פּערל־מושל הויערט אויף זײַן דנאָ,
פֿאַרהוילן פֿון אַ ים־שטערן און אויך פֿון אַ לויתן.
און אינעווייניק בענקט נאָך דיר פֿאַרזיגלט און פֿאַרשלאָסן
אַ פּערל: ניין, אַ רגע וואָס קיין שענערע ניטאָ.

— איז וואָס, אַ שטייגער, שכן דיאַבאָליסימאָ, מײַן קרוין,
באַדאַרף איך טאָן אַרויסצוציִען פֿונעם ים די רגע
פֿאַרזיגלט אין אַ פּערל־מושל? ביסט דאָך אַ קאָלעגע,
דערלאַנג איך האָר־אַראָפּ אַ גלעט, אַ צערטל דעם פּאַרשוין.

— אַרײַנשווימען אין זיך אַליין, כּל־זמן עס האָט נאָך די
נשמה דײַנע פֿלוספֿעדערס און טוקן זיך און טוקן,
אַפֿילו אַז דער ים איז אָן אַ דנאָ און איז מסוכּן,
דער פּערל־מושל וועט זיך דיר אַנטפּלעקן וויזאַווי.

— און וואָס געשען וועט שפּעטער, דיאַבאָליסימאָ, דערצייל.
— די בענקענדיקע רגע וועט דיך אויף דאָס נײַ געבוירן,
עס וועלן זיך פֿאַרוואַנדלען אין מלאָכים אַלע טכוירן,
און טויט וועט ליגן טויט אין דער לבֿנה זיבן אייל.

1969

## געשפּאַנטער בויגן

אַזאַ געיעג —
די ברענענדיקע פּיאַטעס מוזן אויסברענען אַ וועג.
און אויסגעשפּרייט פֿאַרהוילן איז אין דזשונגל צווישן טאָטעמס
דײַן הונגעריקע פֿאַנגנעץ. האָרך: עס אָטעמען אָן אָטעמס
געדיכטע שלאַנגען. טוען זיי מיט זייער זשיפּען תּפֿילה?
די נאַכט האָט שוואַרצע אויגן פֿון אַ ריזיקער גאָרילע.

דײַן בויגן איז געשפּאַנט ווי דײַן נשמה. ביידע אײַלן
אַרויסצושיקן פֿײַלן. אומדערבאַרעמדיקע פֿײַלן.
וווּהין? צו וועמען? הינטער וועלכע מעסערפֿלאַנצן, קרײַטער,
פֿאַרטײַעט זיך דײַן שׂונא? איז ער דאָ צי ערגעץ ווײַטער?
פֿון וועמען וועט זיך וואַלגערן באַגינען דאָס געביין?

אַזאַ געיעג. אַ מענטש זאָל וועלן פֿאַנגען זיך אַליין.

1969

## דער סקולפּטאָר

דער סקולפּטאָר זאָגט: איך האָב אַ מאָל געהאַט מײַן אַטעליע
אין אויער פֿון אַ נאָדל. נאָר געווען איז מיר גערוימער
אַרויסצובלאָזן פֿנימער און מוסקלען פֿונעם חומר,
ווי דאָ אין אַלטן פּאַלאַץ — אַ מתּנה פֿונעם קעניג.
איך האָב דערצו אין יענעם זיסן אויער,
אָן באַדויער,
פֿאַמיעשטשעט זיך מיט אַ מאָדעלקע — לילי אָדער לילית,
כ׳געדענק ניט אַקוראַט איר נאָמען. בלויז איר ליכטיק לײַב
געבליבן איז פֿאַרשטײַפֿט אין מײַן זכּרון. בלויז איר לײַב.

מײַן ערנוואָרט,
בשעת איך האָב פֿון אָדערדיקן מירמל
אַרויסגעהאַקט, אַרויסגערופֿן אירע הייסע בריסט —
זיי האָבן אַזש אַ שפּריץ געטאָן מיט זשומענדיקן מילך.
אַ סימן, אַז אַ מאַן איז אויך אַ שותּף צום געבוירן.

„מוזיק, דו אָטעם פֿון סטאַטועןץ — האָט געשריבן רילקע.
פֿאַר מײַנעטוועגן וואָלט איך עס אַ דריי געטאָן צוריק:
סקולפּטורן זענען אָטעם פֿון מוזיק.
באַזאַלט, גראַניט און מירמל זענען קלאַסישע מוזיק.
דער סקולפּטאָר איז דער דיריגענט:
ער שפּילט זיי בלויז פֿונאַנדער.

זײַן דלאָט־און־האַמער איז אַזאַ מין שטעקעלע.
אַ שניט,
אַ דלאָטעווע מיט קאָסמישן פֿאַרמעסטער,
און מוזיקאַליש פֿורעמט זיך דער אָטעם פֿון גראַניט,
פֿון מירמלנעם אָרקעסטער.

נאָר איצטער בין איך אַלט.
איך האָב אַ פּנים פֿון באַזאַלט.
איך דאַרף ניט מער קיין רויען שטיין

אַרויסצוקנייפּן גלידער.
גענוג איך זאָל באַגינען אַ צעעפּן טאָן די לאָדן,
און פּול מיט ווייסן מירמל פּונעם טאָג איז שוין באַלאָדן
מיין אַטעליע, מיין ציטערדיקער באָדן.

איך שליידער זיך אויף אים און שלאָג
פּון טאָג
אַרונטער שטיקער.
אַנטפּלעקן וויל איך זיינע מוסקלען. בלייבן זאָל דער עיקר.
די אָפּגעהאַקטע שעהען ליגן שטומע אין אַ ווינקל.
אַזוי ביז נאַכט. ביז יידע פּון געראַנגל פאַלן שיכּור.
און שיכּור הער איך דעם טיק־טאַק פּון שיכּורע אַטאָמען.

און ווידער איז מיין אַטעליע אין אויער פּון אַ נאָדל
מיט לילי אָדער לילית — איך געדענק שוין ניט איר נאָמען.

1968

# ווינונגען פֿון גײַסט

געזען האָב איך אַן אויפֿשריפֿט אויף בית־עלמינשן גראַניט:
„אַ לעבן־לאַנג אַ בויער פֿון שפּיטאָלן".
און ס'האָט אין מיר אַן איך גערעדט צום צווייטן, זיך צעגליט:
ביסט אויך אַזאַ מין בויער, שורות בויסטו און סימבאָלן.

סימבאָלן. ווינונגען פֿון גײַסט. און בײַ דער טיר אַ גראַם:
אַ שימערדיקע שין מיט אויגן דרײַ צו היטן שמות.
פֿאַר וועמען דאָס געבוי, דער סם־החיימדיקער סם?
פֿאַר דיר אַליין, וואָס דו ביסט קראַנק אויף שלמות.

פֿאַראַן אַ ליד וואָס מוז דאָרט קומען פֿילן אַ באַריר
פֿון קראַנקן־שוועסטער, אַז דאָס ליד זאָל שײַנען פֿולער, גאַנצער.
עס טרינקט בײַם טויזנטאויגיקן דעם לעבנס עליקסיר
און קומט צוריק צו זײַן פֿאַר דיר אַ פּאַנצער.

1968

# אינהאַלט

אָטעם־צו־אָטעם